# אין קלעם...

## צו די פארפאלגונגען פון דער ציוניסטישער יוגענד
## אין ראטהן-רוסלאנד

### ערשטער זאמעלבוך

ארויסגעגעבען

פון דער אויסלענדישער דעלעגאציע פון דער פאראייניגטער ציוניסטישער
יוגענד-ארגאניזאציע אין רוסלאנד (י׳ וו׳ א׳ ס׳ מ׳)

1927

דער צוקונפט געהערט אונז!

# אין קלעם...

## צו די פארפאלגונגען פון דער ציוניסטישער יוגענד אין ראטהן־רוסלאנד

## ערשטער זאמעלבוך

ארויסגעגעבען

פון דער אויסלענדישער דעלעגאציע פון דער פעראייניגטער ציוניסטישער יוגענד־ארגאניזאציע אין רוסלאנד (י׳ וו׳ א׳ ס׳ מ׳)

תל־אביב, 1927

אלע חברים, צושפרייטע איבער די קירגיזישע
סטעפעס, פארוואָרפענע אין די סיבירער טייגעס, ליי־
דענדע אין די ראטהן־תפיסות פאר אונזער אלגעמיינעם
אויפלעבונגס אידעאל — ווערט דיזער זאמעלבוך געווידמעט

# פון די ארויסגעבער

דער דאזיגער זאמעלבוך איז דער ערשטער וואס דערציילט וועגן די רדיפות אויף די ציוניסטען אין ראטהן־רוסלאנד און וועגן די ליידען פון די חברים אין די תפיסות און אין גירוש.

דיזער זאמעלבוך ערשיינט אין אידיש, ווייל די גלות־לענדער זענען נאך ביז יעצט אבגעריסען פון רוסלענדישען יודענטום און עס פילט זיך דארט א גרויסע נויטוועגדיקייט צו וויסען מיט וואס און אין וועלכע באדינגונגען לעבט און אטעמט די ציוניסטישע יוגענד — אין דער צייט ווען ארץ־ישראל איז א דאנק דעם לעבעדיגען צוזאמענבונד וואס האט זיך די לעצטע יאהרען געשאפען, מעהר אדער וויינעגער אינפארמירט וועגען דער לאגע פון ציוניזם דארט.

דער געדאנק וועגען דעם זאמעלבוך איז ארויפגעשוואומען גאנץ לאנג, נאר מחמת סבות נישט פון אונז אבהייגיגע האט זיך פארהאלטען זיין ארויסגעבונג ביז היינט — און ווילענדיג ער זאל ערשיינען צום 15־טען ציוניסטישען קאנגרעס, האבען מיר דעם זאמעלבוך געמוזט ארויסלאזען אויף גיך. דעריבער האפען מיר וועט דער לעזער אונז פארצייען, אויב ער וועט אפשר געפינען אין זאמעלבוך פארשיידענע פעהלערען.

תל־אביב, אווגוסט 1927.

אויב מ׳וואלט מיט צעהן יאהר צוריק׳ אין די פאר׳שכר׳טע פרייהייטס טעג פון דער פעווראלער רעוואלוציע׳ ווען ס׳האט זיך מיט׳ן פולען הארץ געאטעמט אויף דער רוסישער פאליטישער גאס׳ און ס׳האט זיך געדוכט׳ דאס ביי אונז אידען קומט אויך אן דער לאנג ערווארטעטער מאמענט פון נאציאנאלער שאפונג; אויב אין יענע טעג וואלט איימיצער געזאגט׳ דאס אין צעהן יאהר ארום וועט זיין א נייטווענדיקייט ארויסלאזען א זאמעלבוך׳ געווידמעט די פארפאלגונגען פון ציוניזם און די באשרייבונגען פון די אונמענשליכע ליידען פון ער ציוניסטישער יוגענד אין די רוסישע טורמעס און סילקא *)׳ וואהלט אפילו דער העכסט פעסימיסטישער מענש פון יענער צייט נישט געגלייבט

צום באדויערען איז דאס א פאקט׳

אלעס איז אין עבר:

אין עבר איז דער אלרוסלענדישער פאליטישער פריהלינג׳ אויך דארט איז איינגעזונקען געווארען דער פריהלינג פון דער אידישער גאס׳

הינטער איז דער מעכטיגער דורכרייס פון די באפרייאונגס כוחות פון רוסלענדישען יודענטום׳ דאס איז דער שטארקער ציוניסטישער שטראם׳ וועלכער איז געווען אנגעווענדעט צו נארמאליזירען דעם עקזיסטענץ פון פאלק דורך א נאציאנאלער היים אין ארץ־ישראל׳

הינטער זענען די מעכטיגע אינסטיטוטען׳ וועלכע האבען קאנסא־לידירט און ארגאניזירט די פאלקס־כוחות אויף צו אויסצובעסערען דעם לעבען פון די אידען אין רוסלאנד׳ און צו פארבערייטען די בא־דינגונגען פאר דאס ארץ־ישראל ארבייט׳

ס׳זענען פארביי די ליכטיגע טעג׳ ווען דאס באפרייטע יודענטום׳ וואס האט זיך נאר וואס ארויסגעריסען פון צאריש־דעספאטישען קלעם׳ האט זיך ארייגעווארפען מיט דער גאנצער ענערגיע אין דאס שאפען פון דעם אייגענעם פרייען אווטאנאמען לעבען׳

ס׳זענען אויך פערשוואונדען יענע פרעהענדע מינוטען׳ ווען דער גאנצער צושפרייטער אידישער ישוב האט זיך באדעקט מיט א נעץ פון נאציאנאלע שולען׳ וועלכע האבען געדינט אלס מעכטיגסטע קאמפף׳ס־מיטלען צו באוואהרענען דעם כאראקטער פון אידישען נאציאנאלען אינדיווידואליטעט׳

*) גירוש׳

ס׳איז קיין זכר נישט געבליבען פון די נאציאנאלע אינסטיטוציעס׳ וועלכע האבען געזארגט צו פארשטארקערען און פארפעסטיגען די אידישע עקאנאמיק און צו העלפען די פראדוקטיוויזירונג פון די אי־דישע פאלקס־מאסען.

אויף דעם ארט פון די דאזיגע פילפארביגע׳ ליכטיגע מינוטען האט זיך אנגערוקט די פינסטערע נאכט׳ וועלכע איז געבארען געווארען אין אקטאבער און וועלכע ציהט זיך עד היום.

אויף פיצלאך זענען צעבראכען און צוטראטען די יונגע געוויקסען פון דער אידישער נאציאנאלער אווטאנאמיע; אויף שטויב זענען צומאהלען דורך דער בשותפות׳דיגער ארבייט פון דער יעווסעקציע מיט דער ראטהן־מאכט די אידישע נאציאנאלע שוהל און אלע עקאנאמישע אנשטאלטען.

נאציאנאל צוטראטען׳ פאליטיש רעכט־פערלוסטיגט׳ קול־טורעל בארויבט׳ עקאנאמיש פארארימט — דאס איז די אידישע בילד צום 10 יאהריגען יובל פון דער אקטאבער־קאטאסטראפע.

די אסימילאציע׳ וועלכע פארפאלגט דאס יודענטום אויף יעדער טריט׳ איז יעצט ארגאניזירט און פארשטארקט דורך דעם מעכטיגען מלוכה אפאראט פון דער ראטהן־מאכט. דער דאזיגער אפאראט קומט צו הילף דער יעווסעקציע אין רעאליזירען איהרע אלטע חלומות — אויסראטען דעם אידישען נאציאנאלען געדאנק.

די אסימילאציאנס כוחות פייערן יעצט זייער צושטערונגס יום טוב.

אין באדינגונגען פון גוואלדיגער פארשטיקונג פון יעדער נאצ־נאל־שעפערישער כוח אויפן קולטורעלען געביט׳ אין באדינגונגען פון א צושמעטערטען און פארניכטעטען נאציאנאל־אידישען לעבענסארט — וואקסט אויס א נייער דור׳ וואס איז קינסטליך אבגעריסען פון דאס אלוועלטליכער יודענטום׳ פון דער אידישער קולטור׳ שפראך און פון דאס אלעס׳ וואס האט א אבדרוק פון א אידישען וועזען.

א דאנק דעריין׳ וואס די יעווסעקציע האט מיט כח מאנאפא־ליזירט אויף דער אידישער גאס יעדער רעכט פון אויפקלערונגס אר־בייט׳ וואקסט א דור׳ וואס האט אויפגעהערט דענקען און רעאגירען צוזאמען מיט די איבעריגע טיילען פון פאלק.

און אזוי ווי אין רוסלאנד האבען די מעגליכקייט באקומען וויסענשאפט און לערנען זיך אין די שוהלען דערהויפט קאמסאמאלצעס און «יונגע פיאנערען»׳ מוז די אידישע יוגענד׳ א עקאנאמיש דעק־לאסירטע׳ אריינטרעטען אין די אויבענדערמאנטע ארגאניזאציעס׳ וואו

די אנטינאציאנאלע טענדענצען דערגרויכען זייער קולמינאציאנס־פונקט.

אין קאמף מיט די אידישע אויפלעבונגס־אידעען ניצט אויס די יעווסעקציע אלע מיטלען און אלע וועגען. די קרימער קאלאניזאציע, וועלכע האט געקענט עטוואס פארבעסערן דעם עקאנאמישען מצב פון די אידען, איז פון דער יעווסעקציע אלס קאמף מיטעל געגען ציוניזם, צופויקט און צובלאזען געווארען.

די מגוזמ׳דיגע האפנונגען וואס די מאסען האבען ארויפגעלייגט אויף קרימער פראיעקט האבען נאר פארשטארקט די פסיכאלאגישע דעפרעסיע און די ביטערע ענטוישונג.

גלייכצייטיג מיט די אויבענדערמאנטע צושטערונגס כוחות, וואקסט און פארשפרייט זיך אין רוסלאנד די אלט־נייע קריינק — אנטיסעמי־טיזם, וועלכע דרינגט אריין אויך אין מלוכה פארטיי און אין מלוכה אפאראט.

דער רויטער אנטיסעמיטיזם — דאס איז דער נייער בייטש, וואס פון טאג צו טאג אלס שטארקער און שטארקער שמייסט דעם אויס־געליידעטען און קראנקען קערפער פון רוסישען יודענטום.

* * *

דאס פארניכטונג פון אידישען נאציאנאלען לעבענסארט, די אפשוואכונג פון די אידישע עקאנאמישע פאזיציעס, דאס אפרייסונג פון די מאסען בכלל און פון דער יוגענד בפרט פון דער אידישער נאציאנאלער אידעאלאגיע—רוקען ארויס פאר דער ציוניסטישער באוועגונג אין רוסלאנד נאציאנאלע פראבלעמען פון דער ערשטער מדרגה.

די דאזיגע פראבלעמען האבען ארויס גערופען דאס קאמפף פון דער ציוניסטישער באוועגונג קודם כל צו באוואהרענען דאס עקזיס־טענץ פון אידישען נאציאנאלען ארגאניזם אין אלע זיינע ערשיינונגען.

דער הויפט־פונקט פון אונזער ארבייט איז געווארען: דער קאמפף פאר דאס יוגענד, דער קאמפף פאר דעם אונטערוואקסענדען דור.

שאפען נארמאלע באדינגונגען פאר דער פרייער ענטוויקלונג פון די אידישע נאציאנאל־עקאנאמישע, קולטורעלע אינסטיטוציעס און פאר די אונמיטעלסבארע ארץ־ישראל ארבייט, אויף אפשוואכען די צושטערונגס פראצעסען פון דער ראטהן־מאכט אויף דער אידישער גאס—דאס זענען געווארען די הויבט מאמענטען פון אונזער טהעטיגקייט.

נישט האבענדיג דאס מעגליכקייט פון אונמיטעלסבארען קאמפף געגען דער אסימיליאציע און צושטערונג פון דער אידישע עקאנא־

מיק דורך דאס שאפען פון ענטשפרעכענדע אנשטאלטען — געהט די ציוניסטישע באוועגונג אין רוסלאנד צו איהר ציל מיט אייגענארטיגע און אלע מאל נייע וועגען, וועלכע מוזען זיך צופאסען צו די באזונדערע רוסישע באדינגונגען.

די ראטהן־מאכט קען נישט פארליידען קיין אנדערש דיינקענדע אידעאלאגיעס. זי פירט א קאמפף געגען יעדער פרואוו פון שאפענדער ארבייט, וואס קומט ארויס נישט פון איהרע רייהען (אויב אפילו די ארבייט האט נישט אין זינען צו פארשוואכערען די עקזעסטירענדע ארדענונג).

און דערפאר פירט זי א קאמפף מיט׳ן ציוניזם, זעהענדיג אין דער דאזיגער באוועגונג א קאנקורענט ביים פארשפרייטען איהר אידעאלאגיע צווישען די אידען.

די קאמוניסטען פיהלען אין דער ציוניסטישער יוגענד — דעם פארפאסט פון דער באוועגונג — די טרעגער פון די אידעען, שטימונגען און טענדענצען, וועלכע קענען זיך ענטוויקלען נאר דאן, ווען די פאלקס־מאסען וועלען האבען דאס מעגליכקייט נאציאנאל און ווירטשאפטליך פריי שאפען, אליין, און נישט נאר ווי מ׳וועט באשטימען אין ערגעץ פון «אויבען».

און דא מוזען מיר פעסטשטעלען, דאס נישט די יעווסעקציע, נאר די ראטהן־מאכט גופא פירט אָן מיט דעם קאמפף געגען ציוניזם.

די יעווסעקציע איז נאר דער אידעאישער באגייסטער און פילט אויס די פונקציעס פון דעם «געלערענטען איד».

ס׳קען נישט געמאלדען, דאס ביי דער יעצטיגער רוסישער צענטראליסטישער רעגירונגס־פארמע, אזא וויכטיגע פראגע ווי די מלוכה׳שה פאליטיק בנוגע אזא גרויסע נאציאנאלע באוועגונג ווי ציוניזם, זאל רעגולירט און באשטימט ווערען נישט דורך דער צענטראלער מאכט, נאר דורך דער הייפעלע, אפילו ווען זיי זענען טרייע אין איבערגעגעבענע דיזער מאכט, טעלער־לעקער.

די יעווסעקציע אין רוסלאנד איז נישט א «מלוכה» אין א מלוכה», און קען טאן אלעס וואס זיי פארווילט זיך.

אויב די יעווסעקציע וואלט עפעס געטאן, וואס איז א ווידערשפרוך דער אלגעמיינער פאליטיק פון דער ראטהן־מאכט, וואלט די צענטראלע מאכט געפונען דאס «ביסעלע» כוח כדי צו באווייזען דער יעווסעקציע איהר ריכטיגען ארט.

אין דער יעצטיגער אלגעמיין פאליטישער אטמאספערע פון ראטהן־

רוסלאנדווערט יעדער פרואוו אריגינעל און זעלבסשטענדיג באלייכטען די געזעלשאפט־פאליטישע געשעהענישען פאררעכענט פאר קאנטער־רע־וואליוציע· אין דער דאזיגער אטמאספער פארטיילט די ציוניסטישע באוועגונג· וועלכע ווייזט אויף די אידישע מאסען א אנדער וועג פון שאפונג· דעם זעלבען שיקזאל פון אלע רוסלענדישע· יעצט אונטער־דריקטע· פאליטישע פארטייען אין געזעלשאפטליכע גרופען·

די מאנאפאליע אויף צו פריי דענקען און פרייער אויסדרוק נאר ביי דער רעגירונגס־פארטיי — דאס איז די סיסטעם וועלכע געוועלטיגט שוין 10 יאהר אין רוסישען פאליטישען לעבען· און אלס קרבן פון דער דאזיגער שטה פאלט אויך די ציוניסטישע באוועגונג·

* * *

דער ראטהן־מאכט האט זיך נישט איינגעגעבען דערשטיקען די ציוניסטישע באוועגונג אין רוסלאנד· נישט קוקענדיג אויף אלע פאר־פאלגונגען און אויף דאס גרויסזאמקייט פון איהר טעראר·

נישט נאר אלס א אבסטראקטע אידעע· און נישט נאר אלס א טיפע בענקענעש צו ארץ־ישראל לעבט די ציוניסטישע באוועגונג אין רוסלאנד· צופאסענדיג זיך צו די שוידערהאפטע תנאים לעבט און שאפט די באוועגונג אין ענטשפרעכענדע ארגאניזאציאנעלע פארמען· און דער פאקט· וואס אין דער אטמאספער פון אלגעמיינעם חורבן געפינט זיך· פונדעסטוועגען· טויזענט ארגאניזירטע ציוניסטישע יוגענט— דער פאקט איז די איינציגע האפענונג פון אונזער ערפאלג· ווער ווייס· אפשר איז טאקע אויסגעפאלען אויף דעם גורל פון דער דאזי־גער יוגענד איינהיטען דאס רוסלעדישע יודענטום פון צערפאלונג און אונטערגעהנג ?

איינע פון די דאזיגע ארגאניזאציעס איז די פאראייניגטע אל־רוסלענדישע ציוניסטישע יוגענד ארגאניזאציע י· ווי· א· ס· מ·

זייער גרויס און וויכטיג זענען די פראבלעמען און אופגאבען· וואס שטייען יעצט אין רוסלאנד פאר דער ארגאניזירטער ציוניסטישער יוגענד· די מיט געוואלד דורכפירענדע אסימיליאציע· דאס אבוועזענ־הייט פון א נאציאנאלע שוהל· דאס פארבאט פון אידישען בוך· די פארפאלגונגען פון שפראך און קולטור — דאס אלעס שטעלט ארויס פאר דעם יוגענד ארגאניזאציע די אויפגאבע צו דינען אלס א סוררא־גאט פון א נאציאנאלע שוהל·

י· ווי· א· ס· מ· באהעפט די אידישע יוגענט מיט די מקורות

פון דער נאציאנאלע זעלבסט־ערקענונג, זי באהויפטעט און באקרעפ־טיגט אין דעם יוגענד די ציוניסטישע אידעאלאגיע און זי ענטוויקעלט צווישן די קינדער דעם נאציאנאלן גייסט.

דורכפירענדיג אין לעבען די דאזיגע אופגאבען, קומט אויס דער ציוניסטישער יוגענד אריינטרעטען אין א אקטיווען קאמף מיט דער יעווסעק־ציע. די יעווסעקציע זעהט, דאס מיט רעפרעסיעס וועט זי נישט דער־שטיקען די ציוניסטישע באוועגונג און מיט איהר שוהל פוליטיק וועט זי דאס יוגענד נישט אפרייסען פון די אידישע נאציאנאלע אידעאלען, האט זי דעריבער אנגעהויבען פירען א «אידעאלאגישען» קאמפף, פאראלעל פארשטארקענדיג די רעפרעסיעס אויך.

אלס א אביעקט פין דעם דאזיגען קאמפף האט זי אוסגעקלי־בען אין דער ערשטער רייהע דאס ציוניסטישער יוגענד.

איינע פון די מיטלען פון יעווסעקישען אידעאלאגישען קאמפף איז די אומפארטייא־ישע אידישע יוגענד־קאנפערענצען. די יעווסעקען אויף די קאנפערענצען שטעלען זיך דעם ציל אויסצואווארצלען ביי דער יוגענד זייער נאציאנאלען גייסט, דיסקרעדיטירען דעם ציוניזם און פארשפרייטען ליגענס וועגען ארץ־ישראל.

די ציוניסטישע יוגענד ניצט אויס, אויף וויפיל ס׳איז מעגליך, די «פרייע טריבונען» אויף די דאזיגע קאנפערענצען, דעקט אויף די פאלשע כונות פון דער יעווסעקישער פאליטיק און ערקלערט דער אומפארטייאישער יוגענד די אמת׳ע נאציאנאלע אויפגאבען, וועלכע שטעהען יעצט פאר דעם רוסלענדישען יודענטום.

זייער אפט, נישט האבענדיג דאס מעגלי־כקייט אפילו זיך צו באווייזען אויף די קאנפערענצען, ווענדעט זיך די ציוניסטישע יוגענד אין א אנדער פארם צו דער אידישער באפעלקערונג — אין דער פארם פון פארשפרייטען א אומלעגאלען מאסען־פלוג־בלעטעל. דאס ארויס־לאזען פון אזא מאסען־בלעטעל ווערט נויטווענדיג דאן, ווען די יעווו־סעקציע שפאט נידערטרעכטיג איבערן נאציאנאלן «איך» פון די אידישע מאסען, ווען זי פערשפרייט גרענצלאזע שקרים וועגען ארץ־ישראל, אדער ווען די ג.פ.או. גוואלדעוועט שוידערהאפטיג איבער אונזערע ארעסטירטע חברים.

די אויפבויאונגס ארבייט אין ארץ־ישראל, שטעלט ארויס פאר דער רוסלענדישער ציוניסטישער יוגענד די אויפגאבע פון זעלבסט־צוגרייטונג צוליב דעם אונמיטעלבארען אנטייל נעמען אין דעם דא־זיגען אויפבויאונגס פראצעס. אין די שווערע באדינגונגען פון דער

ראטהן־ווירקליכקייט, באקומט דאך די ציוניסטישע יוגענד די נייטיגע קוואליפיקאציע צוליב דער קומענדיגער ארץ־ישראל ארבייט אין די החלוץ ארגאניזאציעס, און אויף וויפיל ס׳איז מעגליך אין די אלגע־מיינע פראפעסיאנעלע שוהלען.

י.וו.א.ס.מ. באמיהט זיך פארענטפערען און באפרידיגען די טאג טעגליכע באדערפענישען פון דער יוגענד. אפט מאל זענען די באדער־פענישען נישט שטארק באמערקענד, נאר אין דעם מצב פון אבסא־ליוטען אבוועזענהייט פון וועלכע ס׳איז נאציאנאלע אנשטאלטען, ווערען אט די באדערפענישען דורך אנדערע נישט באפרידיגט.

די יוגענד־ארגאניזאציע זאמעלט צונויף און ארגאניזירט דאס אידישע יוגענד אויפן וועג צו זייער נאציאנאלער באפרייאונג.

פאר דער ציוניסטישער יוגענד אין רוסלאנד ווערען טאג־טעגליך געבארען פארשיידענארטיגע און אפט נייע אויפגאבען.

פערענדערליך און אויך פארשיידענארטיג זענען די וועגען און מיטלען מיט וועלכע די יוגענד געהט אין ניצט זיך אין איהר טהע־טיגקייט.

אט די וועגען און די מיטלען ווערען באלויכטען מיט דעם אידעאל פון אויפעלבונגס און גלייכצייטיג שעפען די יוגענד אין איהם כח, ענערגיע און מוט אריבערצוטראגען די גוואלדיגע, אונמענשליכע רעפרעסיעס.

* . *

די רעפרעסיעס, וואס האבען אזוי שטארק פארצעפעט די ציוניסטישע באוועגונג, האט דערהויפט אנגערירט די ציוניסטישע יוגענד.

תיכף נאך דעם 1917 יאהר, א דאנק אביעקטיווע סבות, איז די יוגענד געווארען כמעט דער איינציגער טרעגער און דורכפירער פון די ציוניסטישע אידעען אויף דער אידישער גאס.

דאס יוגענד פארנעמט די גאנצע צייט די ערשטע רייהען אין דער בעוועגונג, ווי אין די טעג פון די ציוניסטישע אנגריפין אזוי אויך אין די טעג פון די ברוטאלע רעפרעסיעס.

פון די ערשטע מינוטען אן, ווי ס׳האט זיך נאר אנגעהויבען די פערפאלגונגען אין רוסלאנד איז די ציוניסטישע יוגענד פארקוועצט געווארען אין קלעם.

פון דעם ארטיקעל, «אויפן וועג צו אונלעגאלקייט», וואס איז נידעריקער געדרוקט זעהען מיר, דאס מיט זיבען יאהר צוריק, ביים אנהויב פון די רעפרעסיעס, זענען אונזערע חברים שוין געוועזן ארעסטירט.

אין די קומענדע ארעסטען פון די שפעטערדיגע יאהרען ווערט אן די ציוניסטישע יוגענד א גרויסען צאהל חברים.

די מאסען־ארעסטען אויף אוקראינע אין סענטיאב און דעקאב 1922 יאהר; דער ארעסט פון 33 חברים פון מאסקווער ארגאניזציע «החבר» אין מארט 1923 יאהר; דער משפט איבער דער ציוניסטישער יוגענד אין פריהלינג פון 1924 יאהר; די הונדערטער ארעסטירטע י·וו·א·ס·מ·—צעס אין דער בארימטער ווארפאלאמייאישער נאכט פון 1־טען אויף דעם 2־טען סענטיאב 1924 יאהר; דעם ארעסט פון 20 חברים דעם 3־טען יוני 1925 יאהר אין מאסקווע; די ארעסטען פון 2־טען מארט 1926 יאהר אין פעטראגראד; דעם 16־טען מארט אין מאסקווע אין פיל, פיל אנדערע — דאס זענען די מעהר באווייזענדע פאקטען פון די מאסען־ארעסטען אין דער ציוניסטישער יוגענד־ארגא־ניזאציע פון ראטהן־רוסלאנד.

איינצעלדיגע ארעסטען קומען פאר אין אלע שטעדט אין שטעדט־לאך פון רוסלאנד. מ׳ארעסטירט פאר יעדער קלענסטען חשד אין דאס אנגעהערקייט צו דער ארגאניזאציע. אפט מאל ווערט מען ארעסטירט אן א שום באשולדיגונג, נאר אויפן סמך פון א מסירה׳לע, אדער טשעקיסטישען געהיים־באריכט.

צאהלרייך און פארשיידענארטיג זענען די «פארברעכען», צאהל־רייך און פארשיידענארטיג זענען די שטראפען.

דער כאראקטער פון די ארעסטען פלעגען זיך אפט בייטען אין פארלויף פון די לעצטע יאהרען. איינסט פלעגען זיי שטרעבען מיט א מאסען־ארעסט צושפליטערען און צוברעכען א גאנצע ארגאניזציע, א צווייטען מאל—אויסכאפען די אנפירענדע חברים, און אויף אזא אופן פאראליזירען דאס טהעטיקייט פון דער באוועגונג.

די רעפרעסיעס בייטען זייער געזיכט, נאר הערען זיך קיינמאל נישט אויף.

זייער שווער און ניטדערטרעגליך איז די לאגע פון אונזערע ארעסטירטע חברים. א סך שווערער ווי די לאגע פון די פאליטיש־ארעסטירטע ביים געוועזנעם צארישען־רעזי׳ם. אין דעם זין האבען די רויטע תלמידים איבערגעשטייגט זייערע שווארצע לעהרער.

די חברים קומט אויס פירען דעם שטרענגסטען קאמף פאר זייערע רעכט אלס פאליטישע ארעסטירטע און פארשיקטע.

אויף יעדער טריט מוז מען קעמפען פארן פארגיכערען דאס אויספארשונג, פארן באקומען דעם באשולדיגונגס־אקט, פארן מיטטיילען פון אורטייל און אפילו פארן פארגיכערען דאס ארויסשיקען אין סיביר.

אין דעם דאזיגען אונגלייכען קאמף מוזן אפט די ארעסטירטע אויסנוצען די מיטלען פון הונגער־שטרייקען און אבסטרוקציעס. אנדערש איז אפט קיין האפנונג נישט דא צו דערשלאגען זיך צו א רעזולטאט. (די ארטיקלען פון איסעווער, רחל ראזין אין אנדערע)—נישט אלעמאל דערשלאגען זיך די ארעסטירטע מיט די אויבענדערמאנטע קאמפף מיטלען צו גינסטיגע רעזולטאטען. זייער אפט טרעפט זיך, דאס די הונגער שטרייקען און אבסטרוקציעס, וועלכע זענען געווענדען, אפילו, נאר צו פארבעסערען די ערנעהרונג׳ס פראגע און סאניטארע באדינגונגען ענדיגען זיך אויך מיט א ווילדע באשטראפונג. (ארטיקל פון אולסקען, בריעף פון איז׳מע).

די סאוועטישע ז׳אנדארמען האבען גע׳ירש׳נט פון זייערע צא־רישע ברידער נישט נאר ווילדע גרויזאמקייט. זיי האבען אויך איבער־גענומען די עקעלהאפטע סיסטעם פון פראוואקאציע. כמעט יעדער ארעסטירטען און פארשיקטען, אויסניצענדיג אלערליי מיטלען, לייגט מען פאר ווערען א פראוואקאטאר.

די ציוניסטישע יוגענד אבער שטייט ווירדיג אויס געגען די שמוציגע און נידערטרעכטיגע טשעקיסטישע פארשלאגען. אין ארטיקעל פון א. פ. «מיט די אלטע וועגען» איז קאנקרעט אילוסטרירט די מע־טאדען מיט וועלכע די רויטע ז׳אנדארמען באנוצען זיך ביים שאפען די פראוואקאטארס.

געשלענגעלט און פארשיידענארטיג זענען די ליידענס־וועגען פון דער ציוניסטישער יוגענד. הונדערטער חברים נאך א לאנגע צייט תפיסה־אבקומעניש ווערען פארזעצט אין די ספעציעלע פאליט־איזא־לאטארס אדער פארשיקט אין קירגיזיע, אוראל, סיביר און אפט אין אזעלכע ווילדע ערטער, וואוהין די צארישע רעגירונג האט אין איהר צייט זיך נישט באוועגט שיקען.

און דא הויפט זיך ערשט אן די ווירקליך מארטירען וועג. מיט איהר פיל חדשים׳דיגע עטאפען, «סטאליפינער וואגאנען» און אם ענדע מיט דער סילקא:

אין ווילדע, איינזאמע, קאלטע, אויף טויזענד ווערסט פון אייזען־באהן פארוואָרפענע, קלימאטיש אונערטרעגליכע קליינע דערפלאך, אן מעדיצינישע הילף, אן ארבייט, אן שפייז, אן וואסער עס איז סביבה, אן ביכער און אן קיין שום פערספעקטיוו אין עתיד — דאס איז דער שיקזאל פון אונזערע חברים.

די ערגסטע און גרעסטע בייטש איז די קריינק און הונגער. זיי מאכען די חברים פאר אינוואלידען. די זעקס סאוועטישע רובל, וואס די מאכט גיט ארויס די פארשיקטע איז מעהר נישט ווי א טראפען אין א ים.

ארבייטען לאזט מען נישט.

ס׳בלייבט נאר איין וועג — דער וועג פון הונגער.

די ראטהען־מאכט ווייס וואס זי וויל. שטעלענדיג זיך די אויפ־גאבע אויסצוואָרצלען די נישט איינגענעהמע פאר איהר אידעען, וויל זי צוזאמען מיט דעם אויך פיזיש פארניכטען די טרעגער פון זיי.

די ציוניסטישע יוגענד פירט אין ראטהען־רוסלאנד א קאמפף אויף לעבען און טויט. זי גיט אפ איהרע לעצטע כוחות אויף דערגרייכען איהרע אידעאלען. די אלוועלטליכע יודענטום מוז וויסען וועגען דעם דאזיגען קאמפף. זי טאר נישט שטיין אין דער זייט און מוז זאגען איהר ווארט.

יעקב ליבערמאן

# אויפן שוועל צו אונלעגאלקייט

ס׳איז שוין פון יענער צייט פארלאפען זיבעצן יאהר... די ראטהן־מאכט האט דאן געפירט א קאמף אויף אלע גרעניצען פון רוסלאנד און זי האט נאר וואס אנגעהויבען פארפאלגען און יאגען אלע פא־ליטישע פארטייען. ס׳איז געווען די צייט ווען מיר, «החבר», און אויך די ציוניסטישע יוגענד ארגאניזאציעס אויפן ווארגע זענען געשטאנען אויפן שוועל צו אונלעגאלקייט.

---

די וואלגע האט זיך שטארק געביטען, א כעס׳דיגע און ברוגז־דיגע האט זי געפליסט און געביסען איהרע ביידע ברעגען. אין דער שווארצער טיפענעש האט זי געבוירען, פארשפרייט און פונאנדער־געטראגען איבער די ברייטע און לאנגע פעלדער צו אלע לעבעדיגע, פייכקייט, קעלט, הונגער און טיפוס.

די וואלגע איז אן ברויט געבליבען. מענשען האבען האבער און מעקענע פארן בעסטען מאכל געהאלטען. די גרינע גרעזעלאך וואס האבען א מאל נאר דאס מענשענס אויג געזעטיגט, האבען היינט זיי־ער הונגער געשטילט. די קראנקע, — זיי זענען די פריצים געווען, זיי פלעגען אויפעסען די סקארינקעס פון א פארוואלגערטען שווארצען סאלדאטען־ברויט.

דאס טויט האט די לופט אויך פארכאפט. ס׳פליט א פויגעל, נאך א מאך מיט די פליגלען, און פאלט א פאר׳חלש׳טע אויף דער ערד. פאלט, ווערט צושמעטערט און צוטראגט דאס מענשהייט האלערע און טיף.

...מענשען פאלען ווי זאנגען... זיכער, לאנגזאם און שטיל...

...רוסלאנד האט זיך אין א קראנקהויז פארוואנדעלט און די וואל־
גע האט פאר א קראנקע־בעט געדינט.

---

פעווראל 1920 יאהר. דוכט זיך פעווראל און קאלט, ווי אין
דעקאבר. פרעסטליך און ווינטערדיג. פאמעלעך און שלעפערדיג ציהט
זיך די ארבייט אין סאמארער «החבר». אייניגע חברים זענען אויף
טיפוס שוואך, אנדערע האבען זיך צופארען, צוקראכען ווער וואוהין.
דער קלוב איז עלענד און וויינענדיג.

דער לעבען איז א שווערער געווען. אן ברויט, אן ווארימקייט
און אן האפענונג אויף ליכט.

זארג און אומעט.

דער טעלעגראף, אייביג א קאלטער און גלייכגילטיגער, ברענגט
א טעלעגראמע פון קאַזאַנער ראיאן־קאמיטעט:

«דעם 25 אפריל ווערט אין סאמארע צונויפגערופן א קאנפערענץ
פון וואלגא־ארגאניזאציעס. ארגאניזירט תיכף א צוזאמענפאר־קאמיסיע».

די טעלעגראם רופט ארויס א שמייכעל, וואוה? ווער? ווען?

נאר מיר זענען געוואהנט צו דיסציפלין און ארבייטען אין אלע
באדינגונגען. ס'איז פאר אונז קלאר: אין דער קאלטער פארגליווער־
טער סביבה, מוז די קאנפערענץ צום לעבען רופען.

מ'רופט חברים; און חברים קומען פארמאטערטע צובראכענע
פון דער שווערער און לאנגער וועג. פון אויסען גלייכגילטיג־שלעכטע,
נאר אינווייניג גוטע און צו ארבייט גרייטע.

מ'באגעגנט זיך, מ'שמועסט, מ'ווערט פריילעכער, ס'שמייכלען
אבער נאר די אויגען, דער פנים איז מאכטלאז און אונבאוועגליך. אינ־
גאנצען זעכטצעהן זענען זיי געווען. צופיל פאר דער כעס'דיגער וואלגא!!!

אלעס איז גרייט, אלעס געענדיגט! אויפן וואנד הערצל. זיינע
טרויער אויגען ווי צוגעפאסט צו דער נאטור און מענשען סביבה. די
קאנפערענץ איז אפען.

ס'דערוויסט זיך דער קאמסאמאל און האט חשק זיין אנוועז־
זענד אויף די זיצונגען.

וואס איז דאס? צו דען די ערשטע פייגעלע וואס זאגט אונז
אן רדיפות, אונטערערדישע ארבייט און אונלעגאלקייט?

דובלירטע זיצונגען, פארשלייערטע רעדעס. פורים־שפיל בייטאג פארן קאמסאמאל און גיכע־זאכליכקייט ביינאכט צוליב זיך.

ס׳ווערט צונויפגעציילט אונזערע כחות. ס׳ווערט אויסגעארבייט דער פלאן פון דער צוקונפטער טהעטיגקייט. ווען ווען ווען מיר זיך באגעגע־נען? וואס וועט אין א יאהר ארום זיין מיט אונז? מיט רוסלאנד?

די נייע פייגלען האבען געבראכט נייע ווינטען.

אין מאסקווע ארעסטירט מען די באוואוסטע אלרוסלענדער ציוניסטישע קאנפערענץ. מיט וואס זענען מיר ערגער פון מאסקווע?

30 סאמארער ציוניסטען טאגען און נעכטיגען אין טורמע. סאמארער טורמע ליגט אויפען גרויסען עטאפען וועג קיין סיביר. ווען האט זי אויף איהר לעבען ניט געזעהן? נאר ווי קומען דאס, אייגענע, סא־מארער, גאר ציוניסטען און אזא סך? ניטא קיין ענטפער. דער קלוב פארשלאסען. «טרייפע» מחשבות פארשטיקט.

ווייט פון סאמארע בין איך צופעליג פארווארפען געוועזען. וואס טוהט זיך אין דער היים? ווער איז ארעסטירט? ווי שיקט מען א גערוס? איך בין מיט אייך, מיינע ליבע חברים!

איך בין מיט אייך? יא. ס׳עפענט זיך דער שווערער אייזערנער טויער. נאך א פאר טריט, נאך א אונטערזוכונג און איך באהעפט זיך אין א לאנגען ריהרענדען קוש מיט מיינע חברים.

ווי אזוי? פון וואנענט? ווי אזוי האט פאסירט? ניטא קיין ווער־טער, ניטא קיין רייד. פינף חדשים ארויסגעריסען פון אונזער יוגענד. צי דען די לעצטע פינף חדשים?

* * *

מיר זענען ארייגעטראטען אין א שווערע און לאנגע ארבייטס־וועג. פונדעסטוועגען זענען מיר געגאנגעהן פארווערטס, שעפענדיג כחות אין אונזער גרויסען אידעאל. איבערטרעטענדיג די לעצטע שוועל צוריק פון טורמע, האבען מיר גלייכצייטיג אריינגעטראטען אין דער וועה־טאג־לאנגע אונטערערדישע וועג פון ציוניסטישע ארבייט, א וועג פון שרעקליכע רעפרעסיעס אין יענער צורואינירטע, הונגעריגע און ניט פארצוימטע רוסלאנד.

באר־טוביה, 1927.

בּ. אולסקי

# «דאָס פאַרברעכען און דער שטראָף»

מאָסקווע, 8־טען אַפּרעל, 1924.

8־טע קאַמער אין בוטירער תּפיסה — 15 אויף 8 פוס, און אין איהר זענען איינגעשלאָסען 24 מענשען: 16 ציונים, 1 מענשעוויק און די איבעריגע פאַרשידענע — אַ מאָלער, וואָס ווערט באַשולדיגט אין שפּיאָנאַזש, אַ וואַליוטטשיק, אַ קאַסיר פון אַ אייזענבאַנסטאַנציע, אַ לייטער פון אַ אָפּטיילונג ביי דעם רעגירונגס באַנק, 2 אחינו בני ישראל — נעפּלייט און אַ גנב — אַ פּאָגראָמשטשיק, וואָס האָט געמאַכט אַ באַוואָ־פענטען אַנפאַל אויף דעם הויפּט פּאָפּירקאָמיטעט.

אומעדיג ציהען זיך די טעג. אין קאַמער איז הייס. די לופט איז שטיקענד, די «פּאַראַשע»*) שיקט איהר ריח־ניחוח.

היינט האָט זיך אונז איינגעגעבען — די צייט פון אונזער שפּאַציר איז אויסגעפאַלען גאַנץ פריה: אום 8 מאָרגענס. אַ דאַנק כאַטש דער־פאַר: אַפילו קליין איז דער הויף, הויך זענען די ווענט — און דאָך איז דאָ די מעגליכקייט צו וואַרימען זיך אונטער גאָטס זון אַ מינוט 25—30. און חוץ אַלעס דעם — איז דאָך דאָ די מעגליכקייט צו זעהן פרישע מענשען (מען פירט שפּאַצירען 4 קאַמערען אויף אַמאָל); ווער ווייס אפשר איז צווישען זיי דאָ אַ נייער, וועט ער דערציילען, וואָס עס טוט זיך אין שטאָדט, אין די צייטונגען, ועל כּולם: אפשר דאָרט אין ווינקעל אונטער אַ שטיין אָדער צווישען די האָלץ אין אַ קייקע־לע ווייכען ברויט האָט זיך אַ צעטעלע פון אַ חבר פאַרוואַלגערט, אַ גערוס פון די חברים, וועלכע זענען אין אַנדערע קאַמערען פאַרשפּאַרט (אונזערע חברים־ציונים געפינען זיך אין פילע קאַמערען און קאָרפּוּ־סען — דער יאַגד אין מערץ איז געווען זייער אַ געלונגענער**).

*) אַ אַלגעמיינער נאַכטטאָפּ.

**) דעם 14 מערץ האָט מען אין מאָסקווע אַרעסטירט זייער אַ גרויסע צאָל ציונים.

און פלוצלונג פארשפרייטען זיך קלאנגען – זיי ווערען איבערגע־געבען פון מויל אין אויער: די 16־טע און 17־טע קאמערען אין דעם 20־טען קארידאר הונגערען.

ארום 4 בייטאג האט אונז יעמאנד אריינגעווארפען דורך דעם קליינעם קוקפענסטערל אין טיר (ספעציעל געמאכט פאר דעם וועכטער, ער זאל קענען אריינקוקען וואס עס טוט זיך אינווייניג) א צעטעלע, וואס איז געווען געשריבען שטארק עם־הארצ׳עסדיג. און אין איהם איז געזאגט געווארן פאלגענדעס: «די אויבערשטע קארידארען הונגערען. דער הונגער־שטרייק ווערט פארגעזעצט שוין דריי טעג. די פאדערונגען זע־נען: 1) די פארציע ברויט זאל פארגרעסערט ווערען ביז 1½ פונט. 2) הייסע געקעכץ זאל ארויסגעגעבען ווערען נאך דער נארמע פון דעם טורמע געזעץ. 3) פאנאנדערטיילען צווישען די, וואס ווערען ערשט אויסגעפארשט און די, וואס זענען שוין פארמשפט. 4) עס זאל אפגעהיט ווערען שטרייננג דער פראצעסיעלער קאדעקס פאר די וואס זיצען אן אויספארשונג און אן א צוגעשטעלטע באשולדיגונג, אזוי אויך זאל באגרענעצט ווערען די צייט פון דער אויספארשונג. 5) עס זאל קומען קרילענקא, דער גענעראל־פראקוראר פון דער רעפובליק, כדי איבער־צוגעבען איהם אנקלאגען אויף די אויספארשונגס מאכט פון דער ג. פ. או. פאר נישט אפהיטען די געזעצען. און צום סוף – חברים, שטיצט אונז; שטייט צו צום הונגער־שטרייק!»

מיר האלטען זיך עצות וואס צו טאן. עס איז גלייך ניכר, אז מיט דעם הונגער־שטרייק פירען אן נישט די פאליטישע; די פאדע־רונגען זענען נישט געלונגען צוזאמענגעשטעלט, און מען האט נישט געדארפט אנהייבען גלייך פון הונגער־שטרייק. אבער דאך: מענשען הונגערען שוין 3 טעג – און מיר באשליסען: אננעמען אלע מיטלען אויף צודערוויסען וועגען דעם הונגער־שטרייק דעם אמת, און אויב עס איז ווירקליך אזוי – צושטעהן צו איהם אויס סאלידאריטעט.

אין דעם דאזיגען טאג האט זיך אונז גארנישט איינגעגעבען צו דערוויסען. אויף מארגען 6 אזייגער גאנץ פריה מען רופט דעם «דע־ז׳ורנעם» פון קאמער געהן נאך ברויט אין לאגער. מיר שיקען א חבר – א כוואט, א מענש וואס האט א חוש־הריח, און מיר זאגן איהם שטרייננ

אן, קלאר צו מאכן, פארבייגעהענדיג, די לאגע, און אויב מען הונגערט, אן שום ספק — אפזאגען זיך פון ברויט.

אין 5 מינוט ארום, ער איז דא מיט אזא מין ניגון: «מען פירט מיך אריין אין לאגער א איינציגען, נישט פיהר מיט אמאל נאך דעם איינגעפירטען מנהג. דער פירוש דערפון איז גאר א פשוט׳ער — מען איזאלירט די קאמערען אפילו פון איין און דעם זעלבען קארידאר; דא איז עפעס נישט גאר גלאט. און דער לאגער איז פול — אויף אלע וואנדברעטער ברויט, דאס הייסט — קיינער האט קיין ברויט נישט גע־נומען, איך גיב זיך מיר א פרעג, סתם, וואס איז דאס עפעס אזוי פיל ברויט אין לאגער? מען וויל נישט נעמען — צי וואס? — נישט אייער באבעס דאגות, נעמט זיך און געהט זיך געזונטערהייט! עס איז גענוג קלאר—אין דעם נאמען פון דער קאמער זאג איך זיך אפ צו נעמען ברויט».

הייסט דאס — אין טורמע איז א גרויסער הונגער־שטרייק. מיר שרייבן א מעלדונג דעם פארוואלטער פון טורמע: היות ווי אין טור־מע איז ערקלערט געווארען א הונגערשטרייק, זענען מיר, די איינגע־שלאסענע פון 86־טער קאמער, מודיע, נישט אריינגעהענדיג אין דעם תוך און די פרטים פון די ארויסגעשטעלטע פאדערונגען, אז אויס סאלידאריטעט שטעהען מיר צו איהם צו. מיר קלייבן צוזאמען די גאנצע פראוויזיע, וואס עס געפינט זיך אין אונזער רשות, מיר רופען ארויס דעם קארידאר־וועכטער, געבען איהם איבער אונזער מעלדונג, ווארפען ארויס די פראדוקטען אין קארידאר, די טיר פארמאכט זיך מיט כעס— און דער הונגערשטרייק האט זיך אנגעהויבען. אין אונזער קא־רידאר הונגערען נאך 2 קאמערען: 87־טע און 88־טע, די הינטערשטע, 89־טע, איז צום הונגערשטרייק נישט צוגעשטאנען.

פון 12 ביז 2 איז די צייט פון רוה אין קאמער; מען טאר נישט זינגען און אפילו נישט הויך ריידען. ווער עס כאפט א דרעמעל, ווער עס לעזט און ווער אין שאכמאט פון ברויט־פיגורען שפילט.

האלב איינס נאכמיטאג, שטיל, און פלוצלונג... לכתחילה, אין די ערשטע מינוטען האבען מיר גארנישט פארשטאנען. אנגעהייבען האט זיך דאס ווי פון דערווייטען, שטיל, פארשטיקט, און דערנאך אלעס העכער און העכער:

אַ—א—א—אי! אי—אי—אי! אָ—א—א! א—א—אי!

עס יאמערט א קאמער, דאס כאפט אונטער די צווייטע, עס ענטפערט דער קארידאר:

—אַי—אי—אי! אָ—א—א!

און דערנאך קומען די קארפוסען: איינס, צוויי, דריי. אט האבען זיך גענומען הערען פרויענשטימען.

עס יאמערט די גאנצע טורמע מיט איהר צווייטויזענדיגער שטימע:

— אָי—א—א—אי! אַי—אי—אי—אי——אי!

און צווישען דעם דאזיגען יאמער פלוצלונג מיט אמאל א פיל־הונדערטיגע שטימע:

— גיט או—או—נז קרי—אי—לע—ע—ענקאן! א—א—אי—א—א—אי—אי—אי—אי—! אהע—ער קרי—לע—ע—ענקאן!

און אז איינע ווערען פארמאטערט, קומען אנדערע אויף זייער ארט. אביסעל אפגערוהט—און ווידער געשריען, די גאנצע טורמע איז פארוואנדעלט געווארען אין א מוראדיגער יללה.

—אי—אי—אי! אהע—ער קרי—לע—ענקאן! אי—אי—אי!

עס איז פאריבער איניגע מינוטען, ביז מיר זענען געקומען צו זיך און אנגעהויבען צו פארשטעהן, וואס דא טוט זיך.

— וואס טוט מען? — און מיר באשליסען: אונזער קאמער נעמט אין דעם יאמער קיין איינטייל נישט. ביי אונז זיצען דאס רוב פאלי־טישע—און נאך זייער מיינונג איז דער יאמער א שוואכער ווירקונגס־מיטעל.

א שעה, צוויי, דריי. מען יאמערט די גאנצע צייט אן א אויפהער. עס האבען גענומען אומלויפען איבער די קארידארען באוואפענטע זעל־נער, זיי האבען זיך באוויזען אונטער די פענסטער, די ביקסען גרייט.

— מען זאל אויפהערען צו שרייען! מען זאל פארמאכען די פענסטער! מיר וועלען שיסען!

איינס, צוויי—די פענסטער פארמאכען זיך—און דער יאמער ווערט נישט קלענער. א יללה פון אלע זייטען, די גאנצע תפיסה רעש'ט.

און אזוי האט מען געהאלטען אין איין יאמערען, קלאגען, און שרייען ביז 7 אוועגדס. דערנאך האט מען זיך אביסעל איינגעשטילט.

כדי אנצוהויבען פון דאסניי מארגען פריה; און אפשר איז געווען אין זין אומצוקערען זיך צו דער דאזיגער ארבייט נאך אין דער זעלבער נאכט גופא, כדי עס זאל זיך בעסער הערען אין שטאדט.

אום 8 אווענדס די געוויינליכע רעוויזיע, נאר אויסערגעוויינליך ווערט זי עפעס היינט אויסגעפירט; ווי עס שיינט, האט די מאכט זיך היינט אביסעל איבערגעשראקען—און נישט אויף א געלעכטער, נישט איינער רעוויזירט, ווי געוויינליך, נאר גאנצע דריי, באוואפענט פון קאפ ביז די פיס. זיי געהען נישט ארויס פארווערטס, נאר בלייבען שטיין ווי פון הינטען, אין שאטען, נישט אראפנעמענדיג פון קיינעם די אויגען, האלטענדיג דערביי די הענט אין די טאשען.

הונגעריגע, פארמאטערטע, מיט צורודערטע נערוועז, לייגען זיך אלע שלאפען.

— שלאפען, שלאפען! — דאס איז דער איינציגער ווילען. ווער ווייס, וואס גרייט אונז דער מארגען?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאר דעם מארגען איז אונז ניט אויסגעקומען צו ווארטען.

— שטיי אוי—וי—ף! — און עפעס הארטעס שלאגט דיך איין מאל און נאך איין מאל אין זייט. פון וועהטאג און פון דעם געשריי שפרינג איך אונטער און רייב די אויגען. וואס האט דא געשעהן? פון שלאף מישט זיך אלעס צוזאמען. איך פארשטיי גארנישט. די קאמער איז פול מיט סאלדאטען. די ביקסען האבען אויסגעצויגען זייערע העל־זער. די זעלנער האבען זיך צושפרייט איבער די «נארעס» *) און שלא־גען מיט דער הענטעל פון ביקס.

— שטיי או—וי—ף!

— בונטען מאכען?!

אכענעס און קרעכצענעס. מענשען שרייען פון וועהטאג, פון דאס אונערווארטעטעס און פון צוטומלונג.

— ארויס!

א פאר שטארקע הענד כאפען מיך פון הינטען ביי דער האלז, הייבען מיך אויף, טראגען מיך ממש ארויס אין קארידאר און שטעלען מיך מיט דעם פנים צו דער וואנד.

*) אלגעמיינע געלעגערס פון וואנטבערעטער.

דער קארידאר איז ליידיג. די טירען פוןביידע זייטען אפען. א שטארקער צוג. און איך אין אונטערשטע וועש, בארפיס אויף דער קאלטער אספאלטענער פאדלאגע. דער שלאף — ווי מיט א האנד אפ־גענומען. אין גאנצען אויפגעוואכט.

— מען וועט לערנען בלק: מען וועט פאנאנדערשיסען...

און עס דערמאנט זיך קיעווער טורמע, דער בונט, דער פרואוו צו אנטלויפען. יעדער צעהענטען פאנאנדערגעשאסען...

מען טרייבט ארויס אויף די איבעריגע. דער נאז צום וואנד. די צווייטע רייהע צו דעם נאקען פון דער ערשטער.

אלע בלויז אין אונטערוועש, בארפיס — ווי געשלאפען. אייניגע אפילו אן אונטערהויזען.

עס טרייסעלט פון קעלט און פון אונערווארטעטעס.

— רוהיג! דו שטייסט אין רייהע!

— בונטען מאכען? מנוולים! (און דערביי דאס רוסישער שטאר־קער זידעלווארט).

עס ציהען די זייטען פון וועהטאג. די קאפ שפאלט זיך אויף טויזענטער חלקים.

— וואס דרייסטו מיר זיך? רוהיג!

פון הינטען קלינגען די שלעסער פון די ביקסען. צ—צ—צא.

— קריגסצושטאנד! שטיי רוהיג, נבלה!

און עס פליהען קלעפ, מיט דעם ביקס און פשוט מיט דעם פויסט, אין די זייטען, אין ברוסט און אין פנים.

קולות, געשרייען, קרעכצען, ציינקלאפעניש מישען זיך צוזאמען מיט «רוהיג» און קלונג פון די ביקסשלעסער.

איך האב באקומען 3 מאל געשלאגען. מען טרייבט פון די אי־בעריגע קאמערען. איך בין געשטאנען אויף דעם לינקען פליגעל און האב זיך מיר אזוי א קער געגעבען מיט דעם פנים צו זעהן וואס דארט טוהט זיך! טררראך! — א פלאם איבער דעם פנים פון א פויסט מיט גאנץ כוח. פון די ציין האט זיך באוויזען בלוט.

— רוהיג, זאגט מען דיר, מנוול! און אזכרות נשמות פון דער מאמע.

— ניכר, אז ווייניג האט מען געלערענט אייער ברודער?!

נישטא קיין כוח צו שטיין אויף די פיס. איך פיהל — אט – אט פאל איך. די האנד אויף דער וואנד אויסגעצויגען — פארט עפעס גרינגער. א שטארקער קלאפ פון א ביקס רייסט אפ מיין האנד פון וואנד, און מיין קאפ שלאגט זיך אפ, אן דעם שטיין פון וואנד.

און אין דעם דריטען מאל — שפעטער, אין א לאנגער ווײלע ארום, אפשר אין א האלב שעה און אפשר אין א שעה ארום.

הינטער מיר שטעהט א חבר. ווער ער איז, ווייס איך נישט איך פיל מעהר נישט, ווי איהם טרייסעלט — מען וועט פאנאנדערשיסען—זאגט ער. איך גלויב נישט, אז מען וועט פאנאנדערשיסען מאסענווייס — עס איז דאך פארט קיין בונט אין פולען זין פון ווארט, נישט געוועז. וויל איך זיך מיר א קער טאן, כדי צו טרייסטען דעם חבר, און כאפ א דריטען קלאפ פון א פויסט אין ברוסט.

מען טרייבט פון אלע איבעריגע קאמערען. די זעלבע בילד: מיט דער נאז צו דער וואנד, די צווייטע רייהע—דער ערשטער אין נאקען.

— רוהיג! ניט א ריהר! צ—צ—צא!

מען שלאגט, מען קרעכצט, מען שרייט.

שטיל. עס הערט זיך מעהר נישט א טיפער שנארכען און דאס ציטערען פון דעם שכן.

אין אונזער קארידאר שטעהען 150 מאן אין אונטערוועש, די פנימער צום וואנד — און נישט א שאקעל. פון הינטען זעלנער — עס פיהלט זיך, אז זיי ווערען ווייניגער — שפילען זיך מיט די ביקסשלעסער.

א טויטע שטילקייט. די צייט ציהט זיך, די הארץ קלאפט, ווי זי וויל זיך ארויסרייסען, און אין ברוסט קאכט די נקמה. נאר אונמעכ־טיג ביזטו — און דו שטייסט. ווי לאנג ציהט זיך דאס? אונבאוואוסט. ווי לאנג וועט זיך דאס נאך ציהען? — אונבאוואוסט.

און אין דער שטילקייט הערט זיך קלאר און דייטליך:

— ז׳אנ—דאר—מען!

— ווער האט דאס געזאגט?

— איך, איהר זייט ערגער פון ז׳אנדארמען!

— נעם איהם!...

אוועק געפירט. וועמען ? וואוהין ? קיינער ווייס נישט. מיר שטעהען צום וואנד.

קולות. יעמאנד פאלט אין חלשות.

— וואס איז דאס, דו כלב שבכלבים ! נישקשה—הויב זיך אויף !

מען הויבט איהם אויף, אבער ער פאלט ווידער. מען באגיסט איהם מיט קאלטע וואסער.

— איך קען נישט ! האט רחמנות ! ווי גאט איז אייך ליב !

— דו שטייסט אין דער רייהע !

* אין דריי טעג ארום דערוויסען מיר, אז דאס איז דער גלת געפאלען אין חלשות. בשעת מעשה האבען מיר גארנישט געזעהן — מיר האבען נאר געהערט אז מען שלאגט וועמען, אז יעמאנד פאלט אין חלשות, ווייל קוקען האבען מיר געמוזט אויף דער וואנד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי לאנג זענען מיר אזוי געשטאנען איז אונבאוואוסט. מעגליך א שעה, צוויי — און אפשר מעהר.

— «קרוגאם» ! (א באפעל אום צוקערען זיך רונד).

מיר קערען זיך אום.

די געפאנגענע פון אלע קאמערען שטעהען פונקט ווי מיר, אפילו די 89־טע, וואס איז צום הונגערשטרייק נישט צוגעשטאנען.

און פאר אונז, א מחנה, בלאסע אויסגעמאטערטע, ציטערענדיגע פון קעלט און נערוועז־אנשטריינגונג, מענשען, כמעט נאקעטע, בלויז אין אונטערוועש, שטעהט דער וויצע־פארוואלטער פון בוטירער פעסטונג, דער תלין פון ג. פ. או. — אדאמסאן. זיינע אויגען ברענען מיט א שלעכטען פייערעל אין דעם סאדיסטישען פנים.

— דו האסט געשריהען ?

— אלס דער סטאראסטע *) פון קאמער ערקלער איך אייך, אז מיר האבען קיין אנטייל אין דעם יאמער נישט גענומען.

— איך אנערקען נישט קיין שום סטאראסטע. שווייג !

— דו האסט געשריען ?

— ניין !

*) עלסטער.

— און דו?

ניין!

און אזא שמועס פירט זיך, כמעט, מיט אלעמען.

— ווילסטו, הייסט דאס, נישט מודה זיין זיך, נישקשה, מסתמא ביסטו נאך געווען פון די אנפיהרער, מיר וועלען אייך ווייזען, ווי בונטען צו מאכען! די טורמע איז אין באלאגערונגס־צושטאנד, נו, חברה — ווענדעט ער זיך צו די זעלנער — קלייבט אפ... אט די... די וואס אנפירער זענען...

צוויי זעלנער געהן צו, קוקען זיך איין גוט אין יעדערען; פונקט ווי אויף איין אמת גרייטען זיי זיך אפצוקלייבען מיט ישוב־הדעת.

— אט דער! און אט דער! און דער, און דער!...

זיי קלייבען אפ זעקס מאן.

און צו אונז די פארבליבענע:

—«קרוגאם!»

און מיר שטעהען זיך ווידער מיט די פנימער צום וואנד.

און צו די אויפגעקליבענע זעקס:

— פארווערטס געהן!

אוועקגעפירט. וואוהין? — קיינער ווייס נישט. איינינגע דיינקען «אין הוצאה»*) אנדערע, אין אנדערע קאמערען. כדי צו מאכען א בָּבֶל אין טורמע. און אין דרויסען איז שניי, ווינטען — ווי וועלען זיי דאס נאקעטע אריבער טראגען, אז מיר דא אין קארידאר, ווערען כמעט, דערפראַרען.

און דערווייל איז מען חוקר ודורש די מותרות'דיגע קאמערען.

— דו האסט געשריען?

— ניין!

— און דו?

— יא!

— חבריא, קלייבט אפ די אנפירער!

---

*) אזוי הייסט אויף דער טורמע־טערמינאלאגיע די קאטעגאריע מענשען, וועלכע מען פירט צום שיסען.

און אזוי מיט אלע קאמערען, די «אנפירער» פירט מען וואוהין נישט איז אוועק.

מיר שטעהען שטיל. נישט א שאקעל. אמינסטע באוועגונג מיט דער קאפ אדער מיט דעם גוף — גלייך קריגט מען מיט א פויסט אדער מיט א ביקס.

און פון הינטען אונז לויפען ארום מענשען, עס פאלען עפעס פעקלאך, מען היילט זיך, מען שרייט, מען שליידערט, א קלונג פון א צובראכענער גלאז, א קלאפ פון ברעטער. וואס קומט דארט פאר? קיינער ווייסט נישט; די וואנד איז נישט קיין שפיגעל. און די קאפ נישט א קער, אויב דיך פארדריסט די ציין, און בכלל, וואס איז דאס דיר נוגע וואס דארט קומט פאר; מען הייסט שטעהן, און דו שטייסט ווי א פארשטיינערטער, נישט טראכטענדיג וועגען קיין שום ענין.

— «קרוגאם» !

פאר אונז שטעהט דער פארוואלטער פון דער טורמע דוקיס.

און ווידער פון דאס ניי:

— דו האסט געשריהען ?

— איך האב דאך שוין איין מאל ווי איין סטאראסטע...

— שווייג !

— דו האסט געשריהען ?

— ניין.

— חברה, קלייבט אפ !

מען טיילט אויס דריי.

— נעם נאך !

— אט דער האט אויך געשריהען.

— און פארוואס ביזטו הייזעריג ?

— עס טוט מיר וויי דאס האלז.

— נו, נישקשה, ליבינקער ! באלד וועט זי אויפהערען צו וועה טאן, נאר פינף מינוטען — נישט מעהר, איהר, חברה, מיט איהם אביסעל געכער, מיט איין מאל.

אוועקגעפירט. ביי אונז האט גענומען טרייסלען הענד און פיס. און ווידער צו די אפגעקליבענע.

— «קרוגאם»! — צום וואנד

און צו אונז:

— פארוועטס, געהן!

און ווידער אין קאמער.

מען ווייסט נישט — פרייהען זיך אדער וויינען. מיר האבען דארט איבערגעלאזען פיהר חברים, ווער ווייס וואס מיט זיי וועט זיך טאן? אבער דער פאר האבען מיר געפונען דא זעקס פון די באפאר אפגע־קליבענע. זיי זענען אנגעטאן ווי פראנטען: אין הויזען, רעקלעך, און אייניגע אפילו אין מאנטלאך. זיי זענען ארויף געפאלען אונז אויף די העלזער און האבען אנגעפאנגען צו קושען זיך; פילע האבען נישט אויסגעהאלטען און האבען זיך צו וויינט.

נאר אויף וואס זעצט מען זיך? נישט קיין «נארע», נישט קיין טיש, נישט קיין וועש, נישט קיין חפצים.

מען האט צושפרייט צוויי מאנטלאך אויף דער פאדלאגע און מען האט זיך צוזעצט געדיכט איינער צום אנדערן צו געטוליעט, כדי אנצוווארעמען זיך אביסעל.

א לאנגע פאוזע, וואס וועט זיין דער שיקזאל פון די פיהר? ווי אויף להכעיס האט מען אפגעקליבען שוואכע, נערוועזע און נישט זיכערע.

עס דערציילען די זעקס באפאר־אפגעקליבענע, די אנגעטאנענע, די גליקליכע, אז מען האט אונז ווידער מיט דעם פנים צו דער וואנד געשטעלט, האט מען זיי אוועקגעפירט — און גלייך אין קאמער.

— איהר וועט זיך איבער דער שטאט דורך געהן, אין טאגאנקע, אנטאן זיך אין דריי מינוט!

אנגעטאן זיך גיך, ארויף געשלעפט אויף זיך אלעס וואס אונטער האנד האט זיך געמאכט.

פאנאנדערגענומען זאל ווערען די «נארעס»! די חפצים אין קארי־דאר! עס זאל גאר נישט בלייבן!

נאר יעצט האבען מיר פארשטאנען די גאנצע בילד. דאס האבען זיי, אונזערע חברים, צוליב אונז די קאמער אפגערייניגט, ווען מיר זענען צום וואנד געשטאנען. און יעצט איז אין קאמער גאר נישט ניטא: נישט קיין «נארע», נישט קיין טיש, נישט קיין קישען, נישט קיין וועש,

נישט קיין הויזן, נישט קיין געשיר, נישט קיין ביכער — גאר נישט; פיהר נאקעטע ווענד.

א הויפען ציטערענדיגע נאקעטע קערפערס אויף דער פאדלאגע. פון מאל צו מאל כאפען מיר א קוק דורך דעם קליינעם קוקפענסטער אין טיר. וואס הערט זיך מיט די פיהר? אט הערען מיר, מען פרעגט זיי: נאמען? פאטערס נאמען? פאמיליע נאמען? פאר וואס פאר א ענין? ווער איז דער אויספארשער? — פאר אונז איז קלאר: זיי ווילען וויסען וועמען שיקען זיי אויף פאנאנדער שיסען.

אט האט א קוק געגעבען אין קוקפענסטער א חבר, מיט פחד איז ער מודיע: דער חבר .A איז שוין נישטא, באלד וועט נישט זיין דער חבר .B, נישט דער חבר .C און נישט דער חבר .D. אין געדאנק זעגענען מיר זיך שטיל מיט די חברים. עס האט דאך יעדע־רער פון אונז געקענט זיין אויף זייער ארט. כעס, אומעט און נישט ווילענדע צופרידענהייט פילען אן די נשמה.

עס ציהט זיך די צייט דורך גרויסע עינויים. עס הייגנט אין דער לופט א דריקענדע שטילקייט. וואס וועט זיין ווייטער? עס וואלט כאטש טאגען געכער!

עס קלינגען די שלעסער אין דער טיר. א ציטער האט אונז אנגעכאפט. ווער ווייס וואס אונז ערווארטעט נאך פאראויס? וואלט מען כאטש לאזען א ווייטע צורה; מיר ליגען פון ערשיטערונג פשוט אן כוחות.

עס עפענט זיך די טיר און צוזאמענגעדריקטע, שטיל, בלאס ווי דער טויט, געהען ארײן... די פיהר איבערגעלאזענע חברים. עס רייסט זיך ארויס א געשריי פון פרייד פון אונזערע הערצער. מיר האבען דאך געטראכט, אז זיי זענען שוין נישטא. און זיי רעאגירען נישט, שטעהען ווי די פארשטיינערטע, ווער פון זיי קוקט אזוי מיט ברייט־פאנאנדערגיעפענטע אויגען אין דער וועלט ארײן, און ווער — מיט אראפ־געלאזענע אויגען אויף דער פאדלאגע. מיר לייגען זיי איין אין צענ־טער פון אונזער קרייז, אויף די מאנטלאך וואס זענען פאנאנדערגע־שפרייט אויף דער פאדלאגע, ערווארעמען זייערע הענד און פיס מיט אונזער עטעמען, און רייבען אפ זייער פארגליווערטע גלידער. זיי

קומען קוים צו זיך; אין א שפעטערער ווײַלע הויבען זיי אן אויך צו ריידען.

ווי גוט איז, וואס מיר זענען אלע ווידער צוזאמען.

— אין רייהע!

מיר שפרינגען אויף, שטעלען זיך אויס. נישטא קיין שאלות; מען דארף צו מען דארף נישט — מען האט אונז געמאכט פאר אווטאמאטען.

ער געהט אריין דער שעף פון דאס וועכטונג. ער לייענט דעם באפעל פון דער ג. פ. או.־קאלעגיע: היות ווי אין טורמע איז פארגעקומען א בונט, וועלכער עס האט געהאט די ציל צו פארכאפען די מאכט דורך די ארעסטאנטען — ווערט ערקלערט די טורמע אין קריגס־צושטאנד (פון זיך האט דער לעזער צוגעגעבען — אין באלאגערונגס־צושטאנד) מיט אלע רעזולטאטען וואס פאלגען דערפון. אלע קאמערען, וועלכע עס האבען גענומען א איינטייל אין בונט, ווערען ערקלערט אויף 3 טעג אין קארצער־צושטאנד. ד. ה. דריי מעת לעת וועט מען אונז נישט ארויסגעבען נישט קיין קליידער, נישט קיין וועש און אפילו נישט קיין נארעס. אויף דער צייט פארלירען מיר דאס רעכט אויף צובאנוצען זיך מיט דער בית־הכסא. שפייז — איין אכטעל פונט ברייט א טאג און איין גלאז קאלטע וואסער. מיר פארלירען דאס רעכט אויף שפאצירען אויף צוויי וואכען, אויף צוקויפען פראדוקטען אין דער טורמע־קלייט אויף א חודש, אויף זעהען זיך מיט פרייע באקאנטע (דאס רעדט זיך נאר — ווייל די רעכט האט מען קיין מאל נישט געגעבען) אויף א חודש, אויף צושיקען בריף (אויך נאר א אקאדעמישע פראגע) אויף א חודש, אויף צוקריגען ביכער — אויף א חודש. אט דאס איז דער תוכן פון דעם באפעל. און מונדליך גיט ער צו: נישט ריידען הויך, נישט זינגען, נישט צוגעהן צום פענסטער.

— אויב נישט, איז די תפיסה אין באלאגערונגס־צושטאנד; איהר ווייסט דאך אליין וואס דאס הייסט!

און עס האבען זיך אנגעהויבען אונזערע קארצער־טעג. צופעליג זענען אין קאמער געבליבען 8 ברעטער — אויף זיי האבען מיר זיך אלע איינגעארדענט, ווי ווער, שטארק צוגעפרעסט איינער צום צווייטען.

אזוי איז וואָרימער, וואָרום מיר אלע, הוץ די זעקס גליקליכע, זענען דאָך געווען בלויז אין אונטער וועש. אזוי זענען מיר אפּגעזעסן דריי מעת לעת. געזעסן די פיס אונטער זיך, כלומרשט א תרופה צו וואָר־רימקייט ; נאָר דאָס פלעגט העלפן ווייניג – די קעלט האָט פאַרט דערנומען, און דאַן כאַפּט מען א שפּאַציר איבער דער קאַמער, גיך־גיך ביי די ווענט. נאָר דער אַספאַלט איז קאַלט און – רייה און די פיס זענען באָרפיס, זוכסטו נישט ווילענדיג די גאולה אין שלאָפן. די האַנד צוקאַפּענס, א ברעט אונטער דעם זייט און דער מאַנטעל אויף־צודעקען זיך נאָך דער רייהע.

און פאַרבייגעהנדיג דאַגה׳ט די מאַכט וועגען אונז זייער. אַט איז אריין דער טורמע־אַרצט – א פּרוי – און העפליך ערקונדיגט זי זיך, צו איז חלילה ניטאָ צווישען אונז קיין קראַנקע. און מיר ענטפערען איהר מיט רעספּעקט :

– אין די דינסטען פון דעם טורמע־אַרצט נויטיגען מיר זיך נישט.

אלע פריה ברייננגט מען אונז ברייט מיט וואַסער. ברייט נאָך דעם געזעץ נאָך – א אַכטעל א טאָג, וואַסער – ווי עס שיינט האָט דער זעלנער אויף אונז רחמנות – א גאַנצען «צ׳ייניק». עס קומט אויס כמעט, צוויי גלאַז אויף א מענשען. א דאַנק איהם כאַטש דערפאַר.

דאָס טיילונג פון דעם ברויט רופט אַרויס פאַרשיידענע ווערטלעך : «פאַר א העלפאַנד א פּיק»–«פאַר א פערד א מאַנעלע»–און נאָך און נאָך.

מיר קלייבען אויס א «ווירטשאַפטס־פאַרוואַלטער» – א קליינינקייט ; דעם ברייט דאַרף מען טיילען אויף 2 חלקים, די וואַסער – אויף 3, און א קריגעל איז מעהר ניטאָ ווי איינער. און דער ברייט ווי להכעיס, האָט א טעם פון גן־עדן, און דאָס זעלבע אויך די וואַסער – גאָר נישט ווי אלע מאָל.

דריי טעג זענען פאַראיבער. מאָרגען קריגען מיר די חפצים. אוי, וואָס פאַר א תענוג עס וועט זיין אנציהענדיג די הויזען ; און דער רעקעל ! און די שיך !

און די זאָרג פון דער מאַכט וועגען אונז איז פּשוט א וואונ־דערבאַרע – מען וועקט אונז איינס נאָך האַלבע נאַכט. וואָס איז ? – פּשוט, די חפצים האָט מען ביי אונז צוגענומען מיט דריי טעג צוריק

איינס ביינאכט, גיט מען זיי אונז אפ אין דער זעלבער צייט; מעהר פון דער צייט דארפען מיר דאך נישט ליידען. אט דאס הייסט סא־וועטישע פינקטליכקייט.

מיר שלעפען אריבער פון קארידאר אלע חפצים (חוץ די בי־כער) אין קאמער, צולייגען די ברעטער, אויף זיי וועש, קישענס... און כאטש עס איז האלבע־נאכט, ציהען מיר ארויף אויף זיך די הויזען, רעקלעך. עס לאכט זיך, איָא, אמת! אבער ווער עס האט אי־בערגעלעבט דאס, וואס מיר האבען איבערגעלעבט, קען פיהלען דעם טעם און דעם תענוג, וואס איז דא אין דעם פראצעס פון די הויזען אנ־טאן, און די קישען — אוי, ווי עס איז איינגענעם צופיהלען זי צוקא־פענס! יעדער חלק פון אונזער גוף האט זיך געפריידעט, די תפיסה האט אונז אויסגעזעהען ווי א גן־עדן.

אויף מארגען נאך דער רעוויזיע לאזען זיך אריין אין קאמער דריי: דוקיס, אדאמסאן און דער שעף פון דאס וועכטונג — היינט הייסען זיי «אויספארשונגס־קאמיסיע־פון דער לאגע אין טורמע».

— האט איהר אנקלאגעס?

ניטא קיין ענטפער. זיי, די דאזיגע, וועלכע עס האבען געשפילט די הויפט ראלע אין דער שוידערהאפטליכער סצענע, זיי זאלען מיר זיך קלאגען אויף זיי זעלבסט! קיין גרעסערען שפאט ווי די דאזיגע קאמיסיע האט קיינער נישט געקענט צוטראכטען.

— האט איהר אנקלאגעס?

— דער דאזיגער קאמיסיע וועלען מיר קיין שום אנקלאגעס נישט אנגעבען!

זיי געהען זיך אוועק.

און עס האבען זיך אנגעהויבען ציהען די געוויינליכע תפיסה־טעג פונקט ווי פריהער, נאר אן שפאצירען און אן ביכער. דער באפעל וועגען אונזערע באגרענעצונגען איז אויסגעפירט געווארען אין גאנצען; עס זענען דערלאזען געווארען נאר איינציגע אויסנאמעס: אין דער טור־מע־קלייט האט מען אונז ערלויבט צו קויפען (אויף דעם חשבון פון די געלדער, וואס קרובים האבען אריינגעטראגען אין דער טורמע־קאסע)

עטוואס פאר דער צייט, און ביכער פון דער טורמע־ביבליאטעק האט מען אונז נישט געגעבן אפילו נאך דער צייט.

אט אזוי האבן מיר איבערגעלעבט דעם «בונט» פון 9־טען אפּרעל. אין אנדערע קאמערן איז די בילד געווען כמעט דאס זעלבע. נאר טראפּארעטן גיט דאך אין דער ראטהן־רוסלאנד נישט. ווי עס איז באוואוסט, זענען דאך די תפיסות נאר «ערציהונגס אנשטאלטען»— און ערציהונגס־מיטלעןליידן דאך קיין טראפּארעט נישט. ערציהונג האט ליב אינדיווידואליטעט. אזוי האט מען אין דעם 16־טען קארידאר, צום ביישפּיל, נישט געוועקט מיט די ביקסען, נאר מיט א שטראם קאלטע וואסער פון א פייער־לעשער־ראר, און נאר נאך דעם האט מען זיי ארויסגעטראגען אין קארידאר. פּרויען האט מען «ערצויגען» עטוואס אנדערש; אז מען האט זיי נאקעטע אין מיטען נאכט גענומען שלאגען, האבן זיי זיך אנטקעגען געשטעלט און האבן דערביי געשריהען. נאר וואס טוהט מען נישט צוליב ערציהונגס־מיטלען? — פאר די האר האט מען זיי ארײנגעשלעפּט אין קארידאר. ביי די סאלדאטען האט פון גרויס הנאה פון די וואנצעס גערונען. אויף מארגען, ווען מען האט דעם אכטעל פונט ברייט און די גלאז וואסער דערלאנגט, האבן זיך די פּרויען דערפון ענטזאגט; זיי האבן דעם הונגער־שטרייק אויף א טאג לענגער פארגעזעצט.

אזוי האבן זיך אנגעהייבען און געענדיגט די «געשעהענישען» פון 9 אפּרעל 1924 יאהר אין «בוטירקע».

פאנאנדערגעשאסען האט מען קיינעם נישט, נאר 150 מאן זענען אפּגעזעסען דריי מעת־לעת אין א פינסטערען קעלער־קארצער. און דאס אלעס, ווייל די ראטהן־מאכט איז נישט גרויזאם. אין רוסלאנד גיבען נישט קיין תפיסות מיט אכזריות׳קייט — דארט זענען דא בלויז «ארבייטס־ערציהונגס־קולטור־אנשטאלטען». דאס האב איך געוואוסט נאך פון פריהער, נאר אויף דער נאכט פון 10־טען אפּרעל האב איך זיך אין דעם איבערצייגט לחלוטין, אויספּרואווענדיג דאס אויף זיך זעלבסט.

זאלען דאס אלע וויסען!

אסקאר איסעווער

# פון מיין טאגע־בוך

אדעס, יולי, 23, 1924.

היינט האט פארלאזען רוסלאנד די צווייטע גרופע ארויס־געשיקטע ציוניסטען. ווען איך גיב א טראכט וועגען זייער אפפאהר, ערוועקט זיך ביי מיר א צווייענדיגער געפיהל; פון איין זייט דורך דעם, וואס די באוועגונג ווערט אן איהר אנפירענדען אקטיוו, וואס ס׳ווערען ארויסגעריסען די בעסטע חברים פון אונזערע רייהען, און צווייטענס פיהל איך, אז ס׳שמעקט יעצט מיט א נייע סיסטעם פון קאמף מצד דער ראטהן־מאכט צו דער ציוניסטישער באוועגונג.

נאך קיעווער און אלאוקראינישע ארעסטען פון 1922 יאהר, זענען די לעצטע צוויי ארעסטען, קענטיג, א אנהויב פון דער נייער סיסטעם. די ראטהן־מאכט האט דערזעהן, אז מיט אגיטאציע און פראפאגאנדע איז זי נישט בכח אפשוואכען דעם ציוניזם, געהט זי יעצט, קענטיג, אריבער מיט כח ליקווידירען די טרעגער פון דער באוועגונג.

אווגוסט 10.

פאקטען, איינע נאך דעם צווייטען, באשטעטיגען מיינע אויס־זיכטען. די ברוטאלע פארניכטונג פון אונזער באוועגונג — דאס איז יעצט די הויפט ליניע פון דער ראטהן־מאכט.

די קאמוניסטישע פאליטיק בנוגע מענשעוויקעס און עס־ערען (דאס ארעסטירען און ארויסשיקען ביז איינעם קיין סיביר) — האט גוט צושמעטערט זייערע רייהען, ווי ס׳ווייזט אויס ווערען מיר יעצט אויך א אביעקט פון דער זעלבער פאליטיק.

די ראטהן־מאכט האט אנגעהויבן אויף אונז קוקן נישט נאר ווי אויף שונאים פון דער יעווסעקציע, נאר ווי אויף געגנער פון דער ראטהן־מאכט גופא, און צורעכנענדיג אויך אונז צו איהרע פאליטישע פיינד, נעמט זי יעצט אן די זעלבע מיטלען פון קאמף, וועלכע זי באנוצט צו אלע איהרע פאליטישע געגנער. ס׳איז קלאר, מיר דארפען זיך יעצט גרייטען צו דעם גרויסען «טהאט» פון די ראטהן — «אפרא־מען די רעפובליק פון דער קאנטר־רעוואליוציע». זייער לעצטער באשלוס פיהלט זיך אין דער מאג־טעגליכער ארבייט פון ג. פ. או.

אויב אין 22־סטען יאהר, אין דער צייט פון די מאסען־ארעסטען, איז די הויפט ציל פון ג.פ.או. געווען — אנטאפען דעם דופק פון דער ציוניסטישער באוועגונג, זעהען מיט וואס זי לעבט און אטעמט — (א סך ארעסטירטע, נאך געניע אויספארשונגען און א חודש, צוויי תפיסה — פלעגט מען ארויסלאזען) איז יעצט, ווי ס׳ווייזט אויס, וועט די ג.פ.או. אננעמען אלע מיטלען אויסכאפען און אראפנעמען דעם גאנצען אקטיוו, און אזוי ארום רואינירען די באוועגונג.

### 20. אווגוסט

די ג.פ.או. ווייזט ארויס נישט קיין געוויינליכע אקטיוויטעט. מען שפירט אונז נאך אויף יעדער טריט. ס׳קומען פאר איינציגע, נישט קיין סיסטעמאטישע ארעסטען. צו דען וועט מיר אויסקומען זיך באגעגענען מיט דער ג.פ.או. דעם פיהרטען מאל?

### 4. סענטיאבער

היינט ווערט דריי טעג פון מיין זיין אין טורמע. נאך א לאנג־דויערענדען אונטערזוכונג האט מען מיר דריי ביינאכט געבראכט אין ג.פ.או. אין קארידאר האב איך באגעגענט א סך באקאנטע. ס׳איז קלאר, דאס די ארעסטען—ביי הונדערט מאן—זענען אלגעמיינע. גלייך אין דער פריה רעגעסטרירט מען אלעמען, מ׳פארפילט די אנקעטען און מ׳דערלאנגט אונז איין אקט וואס באשולדיגט אונז לויטן 61־טען און 72־טען פונקטען פון קאדעקס.

מיר ווערען נאכדעם אפגעפירט אין תפיסה, וועלכע שלינגט

אונז איין ווי א הונגעריגע חיה, און זאגט אונז צו לאנג, לאנג זיצען.

אזיי ווי די פרייהייט איז זא ווי זא פארלארען, דארף מען יעצט פארזיכערען אונזערע «רעכט» אלס פאליטישע ארעסטירטע און שאפען באדינגונגען פון עטוואס באקוועמליכערען לעבען אונטערען שלאס.

ביז יעצט האט די ג.פ.או." און טורמע אדמיניסטראציע אין אדעס אונז אזעלכע רעכט נישט פארגעשטעלט, און ס'איז וויכטיג אויס־קעמפען א באציהונג ווי צו אלע פאליטישע, צוליב אונז זעלבסט און צוליב די אלע, וואס וועלען שפעטער קומען אהער; און אז מ'וועט געוויס קומען, איז גאר קיין צווייפעל ניטא.

אין דעם זין – קאמף פאר רעכט – פירט דער אויסגעוועהל־טער סטאראסטאט פון ערשטען מינוט אלע זיינע אונטערהאנדלונגען מיט דער טורמע־אדמיניסטראציע, ג. פ. או. און פראקוראר.

די ארויסגעשטעלטע ציל איז קלאר: מאקסימאלע רעכט אין תפיסה און גלייכבארעכטונג מיט די איבעריגע פאליטישע ארעסטירטע. (ס'איז שוין א אויביגער אידישער מזל: שטענדיג און אומעטום קעמ־פען פאר גלייכבארעכטונג).

דער וועג צום זיעג – איז קאמף.

6. סענטיאבר

אונזער צווייטע דאגה – פארגעכערען אונזער אויספארשונג. מיר ווייסען גאנץ גוט, דאס ביים באשטימען אונזער גורל וועט גאר קיין ראל נישט שפילען די רעזולטאטען פון די אונטערזוכונגען און אויס־פארשונגען. מיר טארען אבער נישט דערלאזען דער ג.פ.או. איהרע אדמיניסטראטיווע גוואלדטאהטען און הפקר־באציהונג צו אונז.

די פרואוון פון ג.פ.או. נישט דערלאנגען יעדערען באזונדער א באשולדיגונגס־אקט, פארציהען און אפלייגען דאס אויספארשונג, מוזען פון אונזער זייט קריגען א געהעריגען ווידערשטאנד; טאמער נישט, וועט זיך שלעכט פאר אונז אויסלאזען.

אויפן דריטען טאג פון אונזער ארעסט שיקען מיר א פא־דערונג, די ג.פ.או. זאל מעלדען אין וואס יעדערער באזונדער בא־

שולדיגט זיך קאנקרעט און מ׳זאל אויך צוטרעטען צום אויספארשונג.
עטליכע מאל חזר׳ן מיר איבער דאס זעלבע.
צום לעצט שיקען מיר א מעלדונג, אז מיר ווארטען אויפן ענטפער 48 שעה.
ביי נישט קיין גינסטיגע רעזולטאטען באשליסען מיר אננעמען מיטלען כדי צו נויטען די ג.פ.או. זיך רעכענען מיט אונז.
אין תפיסה קעמפען מוז מען תיכף, וואס שפעטער, אלעס וויני־ציגער וועט מען זיך צוהערען צו אונזערע פאדערונגען.
נעכטען 12 ביי נאכט, ווען די טורמע האט געשלאפען און אלעס איז געווען פארנעבעלט אין א שווארצע שטילקייט, האט זיך פלוצלונג פאנאנדערגעגעבען פון אלע קאמערען מיט אמאל, מיט א פונקטליכקייט פון א מעכאניזעם, א קלאפעריי אין די ווענד, טירען און פענסטער. ס׳האבען געקלאפט טעלער, טעפלאך, אייזערנע טישלאך, אלעס וואס געפינט זיך אין די קאמערעס זענען געקומען אין א באַ־וועגונג.
די גאנצע טורמע, מיט א «באפעלקערונג» פון אנדערהאלבען טויזענד מאן איז וואך. קיינער שלאפט נישט. די שטימונג פון אונזע־רע חברים ווערט געהויבענער, דער ריח פון קאמף שטארק די נער־ווען, און אונזער גרויסער צאהל גיט צו מוט.
תיכף באווייזט זיך דער טורמע־פארוואלטער. ער קומט צו, צו אונזער קאמערע און פרעגט דורכן «אויגעלע» פון טיר ביים סטאראסטע די מאטיוועו פון דער אבסטרוקציע.
— «איך קען נישט ריידען דורכען טיר, לאזט מיך ארויס אין קארידאר, וועל איך איבערגעבען אונזערע פאדערונגען».
ס׳עפענט זיך די טיר און אונזער סטאראסטע געהט ארויס אין קארידאר, ער זאגט זיך אבער אפ ווידער ריידען, ווייל מיטען פארוואל־טער איז געקומען א אפטיילונג פון רויטע־ארמייער, אומזיסט טענה׳ט דער פארוואלטער, דאס ס׳איז נישט אונזער עסק, מיר טארען איהם קיין דעה נישט זאגען און אזוי זענען די טורמע געזעצען. אונזער סטא־ראסטע זאגט זיך אפ געבען וואסער ניט איז ערקלערונגען אין אנ־וועזענהייט פון מיליטער־אפטיילונג.

די סאלדאטען פירט מען ארויס.

אונזער סטאראסטע שטעלט זיך אין מיטען קארידאר אלע קא־מערען זאלען איהם קענען הערען און גיט איבער דעם פארוואלטער אלע אונזערע פאדערונגען. מיר ווערען פארזיכערט, דאס מארגען 10 א זייגער קריגען מיר א ענטפער.

ס׳ווערט שטיל, צוריק נאכט, צוריק א שווערער און קרעכצענ־דיגער שלאף. מיר ווארטען ביז 10 פריה.

סענטיאבר 7.

ווי ס׳ווייזט אויס, האט אונזער אבסטרוקציע, ריכטיגער איהר ארגאניזירטקייט, גוט געווירקט אויף דער טורמע־אדמיניסטראציע און ריכטיג 10 א זייגער איז געקומען צו אונז דער אויספארשער זארין. ער הערט אויס אונזערע פאדערונגען און זאגט צו אלעס ערפילען. מיר פיהלען אבער, אז דער צוזאג איז א פאלשער, מ׳וויל אונז בא־רוהיגען און אויסמיידען ווייטערדיגע אבסטרוקציעס.

סענטיאבר 9.

זארין האט זיין צוזאג נישט ערפילט. מיר זעטצען פאר די אבסקרוקציע. ס׳ווידערהאלט זיך די פארגאנגענע בילד. ווידער נאכט, ווידער קלאפעריי אין די ווענד, טירען, פענסטער. ס׳הערט זיך געשרייען:

«גיט דעם פראקוראר»!

«דעם פראקוראר אהער»!

ס׳באווייזט זיך ווידער דער פארוואלטער און זאגט צו בריינ־גען דעם פראקוראר מארגען פריה.

נאר ס׳ווייזט זיך ארויס, דאס דער פראקוראר איז נישט בעסער פארען אויספארשער. היינט צוגעזאגט—מארגען אפגענארט. אלע זענען זיי פון איין שטיק געשניטען, נאר אנדערש געשלייערט. דער פראקו־ראר דארף אכטונג געבען די אויספארשערס זאלען זיך פירען לויטען געזעץ, און אין לעבען איז צווישען זיי א מין ספארט־יאגעריי — ווער וועט בעסער און גיכער ארומגעהן די געזעצען (אך און וועה די גע־זעצען אליין)! ווער וועט מעהר אפנארען און אפטאן אלערליי גוואלד־טאהטען איבער די ארעסטירטע.

ס׳איז קלאר, אז די ג.פ.או. האט באשטימט די ערשטע 14 טעג באפרידיגען זיך מיטן אלגעמיינעם באשולדיגונגס אקט, וועלכען מ׳האט אונז דערלאנגט די ערשטע נאכט.

סענטיאבר 13.

ס׳דערנעהנטערט זיך דער 14־טער טאג. ס׳פיהלט זיך א באוועגונג אין קארידאר. מ׳ברייגנט פאפירען, דאקומענטען, ס׳קומט זארין און ס׳הויפט זיך אן די אויספארשונג.

סענטיאבר 14.

היינט האט מען אויסגעפארשט 5 מאן. מיר האבען ארויסגע־שטעלט א פאדערונג, דאס די אויספארשונגען זאלען פארקומען בייטאג, ביינאכט וועלען מיר גארנישט ענטפערען. דער סטאראסטאט, האבענדיג דאס רעכט ארומגעהן איבערן קארידאר דערוויסט זיך דעם אינהאלט פון די אויספארשונגען. ביי איניגע וויל מען זיך דערוויסען, וואס פאר א שייכות זיי האבען צום ציוניזם; אנדערע זאגט מען, אז אלעס איז וועגען זיי באוואוסט, דעריבער מוזען זיי זיין איזאלירט און מ׳וועט זיי פארשיקען «אין ווינציג באזעצטע גובערניעס».

סענטיאבר 15.

היינט איז מיין רייהע. דאס אויספארשונג קומט פאר אין די זעלבע באדינגונגען און מיט די זעלבע מעטאדען. ס׳פילט זיך א שטרעבונג מיך דערשרעקען.

— «איהר באשולדיגט זיך אין דעם, דאס איהר זייט א מיטגליד פון צ. ק. פון דער ציוניסטישער יוגענד ארגאניזאציע (א. ס. מ.) אויך א מיטגליד פון «צעירי־ציון». איהר באטייליגט זיך אקטיוו אין אלע ארבייטען פון די אויבענדערמאנטע ארגאניזאציעס און נישט קוקענדיג, וואס איהר זייט שוין דריי מאל געווען ארעסטירט, זעצט איהר פאר דארט אייער טעהטיגקייט. אלעס איז אונז באוואוסט און איהר ווערט ארויסגעשיקט אויף דריי יאהר קיין סיביר».

איך זיץ א פערוואונדערטער, איך ווארט מ׳זאל מיר עפעס

פרעגען, אדער דערציילען וועגען מיינע קאנקרעטע זינד און פאר־ברעכונגען, נאר ס׳איז אומזיסט.

— ס׳איז אלעס ליגען — זאג איך — אויף וואס פאר א סמך באַ־שולדיגט איהר מיך, וואו זענען פאקטען, באשטעטיגונגען?

אויף אלע מיינע פראגעס קריג איך איין סטערעאטיפען ענטפער: «אלעס איז אונז באוואוסט, מיר האבען פאקטען, נאר אייך זענען מיר נישט מחויב זיי איבערגעבן».

דאן ערקלער איך:

— מיר ווייסען, דאס קיין משפט וועט נישט זיין און איהר וועט אלעס אדמיניסטראטיוו באשטימען, נאר מיר וועלען נישט דערלאזען פון אייער זייט איבער אונז אזא ווילקיר, ווי אפנעמען דאס רעכט אויף ווערען ריכטיג אויסגעפארשט.

— אויב אייך געפעלט נישט, קענט איהר זיך ווענדען צום פּראָ־קוראר — הזר׳ט איבער זארין עטליכע מאל.

ער איז קענטיג איבערצייגט און ווייס גאנץ גוט, דאס דער פראקו־ראר און ער זענען איין האנד, און אונזער אורטייל איז שוין באשטימט.

זארין דערלאנגט מיר דעם באשולדיגונגס־אקט און בעט אונ־טערשרייבען.

איך נעם די פען און שרייב: «אלעס געלייענט, א ווארט נישט אמת».

זיצענדיג ביים טיש, באמערק איך צווישען די פאפירען א בריעף פון מיין ברודער, וואס איז געלעגען אין שרייב־טיש ביי מיר אויף דער שטעלע, און מיט א צייט צוריק פארלארען געגאנגען.

«אויף דער שטעלע בין איך אויך ארומגערינגעלט געוועזן מיט שפיאנען» — לויפט ביי מיר דורך א מחשבה.

— צו דען פארנעמט איהר זיך צוליב אייערע צוועקען מיט גנב׳ענען משפחה־בריעף?

— וועלכע בריעף?

— אט דיזע — באווייז איך אויפן ברודער׳ס בריעף.

דער אויספארשער ווערט גלייך פאררויטעלט, נאר תיכף געפינט ער זיך און זאגט:

— מיר טוהען אלעס וואס אונז איז נויטיג און וואס מיר ווילען.
דאס איז אמת! דער איינציגער אמת! און אונז איז דאס גוט באוואוסט...

מ׳פארשט אויס נאך דריי־פיהר מאן און דער טאג ענדיגט זיך.

סענטיאבר 17.

די אויספארשונגען קומען נאך אלעס פאר. מעהרסטענטייל זאגט מען יעדערען אן דעם אורטייל. די פרישע ארעסטירטע פארהאלט מען מעהר, מ׳וויל פון זיי דערוויסען וועגען די איבעריגע, וואס זענען אויף דער פרייהייט. כמעט אלעמען לייגט מען פאר צורייסען און פארלאזען די ציוניסטישע רייהען. מ׳זאגט דערפאר צו, תיכף באַ־פרייען און ליקווידירען זייער ענין.

צווישען אנדערע איז אינטערעסאנט דאס אויספארשונג פון חבר ר״ וואס באווייזט באשיינפערליך, דאס די ג. פ. או. האט באשטימט אויסראמען נישט נאר ציונים, נאר די אלע וואס קומען אין א באצי־הונג מיט זיי.

דער חבר ר. איז נישט לאנג געקומען קיין אדעס און איהם הא־בען געקענט נאר אייניגע חברים. זייער אפט פלעגט ער אריינגעהן צו אונזער חבר ז.; דאס האבען קענטיג באמערקט די «שפיקען», און אין דער פריה, נאכען אלגעמיינעם ארעסט, פארהאלט איהם א מילי־ציאנט אין טראמוואי (מסתמא לויט א שפיקס אנווייזע) און באשולדיגט איהם אין גנבה. אין מיליציע דערוויסט מען זיך זיין נאמען, מ׳פירט איהם אפ אין ג.פ.א.

נאך א פאר שעה, און ער איז שוין צווישן אונז.

ביים אויספארשונג פרעגט מען ביים חבר ר. גארנישט. מ׳ער־קלערט איהם באלד, אז ער איז א מיטגליד פון צ. ק. פון דער ציוניס־טישער יוגענד ארגאניזאציע, מ׳שרעקט איהם מיט אלע זיבען גיהנום׳ס און אם ענדע זאגט מען איהם, דאס ער ווערט ארויסגעשיקט אויף דריי יאהר קיין סיביר.

אלע פראטעסטען פון ר. העלפען נישט. ער פארבלייבט א מיטגליד פון צ. ק. אין דער צייט ווען ער איז קיינמאל קיין מיטגליד פון דער ארגאניזאציע נישט געווען. אזעלכע «טעות׳ן» זענען גאנץ אפט.

סענטיאבר 18.

דאס אויספארשונג איז געענדיקט. פאר פיהר טעג, ארבייטענדיג נאר צו דריי שעה, האט מען דערוויזען אויספארשען 64 מאן. גוט און גיך. גיך איז געוויס, נאר צו גוט איז א פראגע!

מ׳האט אונז ערלויבט צו זעהן זיך מיט די עלטערען און פריינד.

סענטיאבר 19.

דער אויספארשער האט היינט געמאלדען דרייסיג מאן פון די ארעסטירטע, דאס זיי ווערען פארשיקט קיין סיביר, אדער ארויסגע־שיקט פון רוסלאנד. מיר האבען דאס רעכט אויסקלייבען איינס פון דיביידע. מיר באקומען אינסטרוקציעס פון אונזערע ארגאניזאציעס, מסכים זיין בעסער אויף ארויסגעשיקט ווערען אינגאנצען פון רוסלאנד.

דער סטאַראָסטאַט רעדט זיך צונויף מיט זארינען און קומט אין א פולשטענדיגען הסכם, מ׳זאל איבער דריי—פיהר טעג אלעמען בא־פרייען ביז׳ן ארוספאהר, ווערלכער דארף פארקומען נישט שפעטער ווי אין דריי וואכען ארום, כדי צוגרייטען זיך צו דער רייזע. וועגען דאס אלעס נעמט מען ביי אונז שריפטליכע מעלדונגען.

סענטיאבר 23.

ס׳זענען דורך פיהר טעג, מ׳באפרייט אונז נישט. מיר רופען ארויס זארינען און זאגען איהם, דאס אויב מארגען צוועלף דעם זייגער, וועט מען אונז נישט באפרייען, אזוי ווי מ׳האט אפגערעדט, ערקלערען מיר א הונגער־שטרייק.

מארגען פון 12 נעמט מען אן שפייז־פעקלאך פון די קרובים, אזוי וועט מען אין שטאדט וויסען וועגען הונגער־שטרייק.

סענטיאבר 24.

אונזער פאדערונג איז נישט ערפילט. 12 אזייגער ערקלערען מיר א הונגער. מיר הערען אויף נעמען שפייז־פעקלאך פון די פריינד.

4 א זייגער קומען זארין מיט׳ן פראקוראר. דער פראקוראר הערט אויס אונזערע פאדערונגען, געפינט זיי פאר גערעכטע. ביידע זאגען צו מארגען אונז באפרייען.

סענטיאבר 25.

מיר זענען נאך נישט באפרייט. ווידער אפגענארט. מיר שיקען נאך א מעלדונג אין ג. פ. או.

סענטיאבר 26.

אויך היינט האט מען אונז נישט באפרייט. מיר האבען באשטימט איינארדענען אנ׳אבסטרוקציע כדי נויטען סוף כל סוף די ג. פ. או. אויספילען איהרע הבטחות. עלף ביינאכט. זא ווי די ערשטע מאלען, ווערט א ליארעם, א קלאפעריי און געשרייעריי. היינטיגס מאל זענען די געשרייען עפעס שטארקער, כעס׳דיגער. די חברים זענען צופיל אויפגערייצט מיט די הפקרות פון ג. פ. או., מיט איהרע ליגען און שווינדלעריי.

דער אנגעקומענער אדמיניסטראציע, נאך לאנגדויערענדע אונטערהאנדלונגען, גיט זיך איין אונז איינשטילען מיטן תנאי מארגען 10 אין דער פריה זאלען מיר באקומען א ענטגילטיגען ענטפער. צווישען די אנגעקומענע, דער געהילפס־פארוואלטער פון תפיסה, האט ביים צארישען רעזשים געזעסען 15 יאהר אין טאבאלסקער צענטראל. מיר פרעגען ביי איהם, צו דען האט ער נישט געקעמפט אין טורמע, בשעת מ׳האט איהם געגוואלדעוועט און גענארט.

— דארט זענען מיר געזעסען יאהרען, און נישט קיין חדשים — האט ער געענטפערט.

הייסט דאס אויף די׳ וואס זיצען א קורצערע צייט מעג מען שפאטען און טרעטען זייערע רעכט מיט די פיס.

די בעסטע און עהרליכסטע מענש־הארץ ווערט ביי די באדינגונגען און ארדענונגען פון דער ראטהן־סיסטעם פארשטיינערט, ווילד און אפט סאדיסטיש.

סענטיאבר 27.

צו 10 א זייגער איז קיינער פון ג.פ.או. נישט געקומען. די אדמיניסטראציע פון איהר זייט האט אויך עטוואס רעאלעס אונז נישט געקענט זאגען, נאר אין איהר טאן און רייד האט זיך געפיהלט, דאס

זיי האבען באקומען בנוגע אונז וועלכע ניט איז אינסטרוקציעס. מיר האבען באשטימט 12 א זייגער אנהויבען גלייכצייטיג אי הונגערען, אי מאכען א אבסטרוקציע. אין צווייען איז שטארקער. מיר גיבען צו וויסען וועגען דיזער החלטה דער ג.פ.או. און פראקוראר.

היינט איז א טאג פון זעהען זיך און עסען בריינגען. לעם טורמע געפינט זיך א 500 מאן פריינד און באקאנטע, געקומענע צו דער גאנצער טורמע־באפעלקערונג.

דער זייגער איז צוועלף. די לאגע בייט זיך נישט. מיר הויבען אן הונגערען און גלייכצייטיג קלאפען און שרייען. אונזער קלאפעריי הערט זיך ווייט אין שטאדט. מיר מעלדען, דאס מיר וועלען אויפהע־רען אונזער אבסטרוקציע נאר דאן, ווען מיר וועלען זעהן באפרייאונגס־ארדערס.

— «היינט איז שבת, לעם טורמע איז זייער פיל מענשען, הערט אויף צו קלאפען און שרייען», — בעט זיך די טורמע־אדמיניסטראציע.

— «זאלן אלע וויסען, דאס איז, אדרבה, אונזער ווילן» — ענטפע־רען מיר. ס׳געדויערט נאכאנאנד צוויי שעה. זארין איז שוין אין טור־מע, נאר צו אונז קומט ער נישט און קיין באפרייאונגס־ארדער בריינגט ער נישט. מיר קלאפען נאך שטארקער און נאך אגרעסיווער. ס׳קומט צופאהרען דער פראקוראר.

א זייגער 5 קומט ארויף אין אונזער קארידאר א «נאדזיראטעל» מיט א צעטעל און רופט 5 מענשען מיט די זאכען.

מיר ווערען באפרייט.

— וואס עפעס נאר פינף? פרעגען מיר.

— ס׳איז שווער גלייך פאר אלעמען צוגרייטען די פאפירען — איז זיין ענטפער.

מיר זענען מסכים, און די פינף חברים געהען מיט זייערע זא־כען אוועק.

אין א האלב שעה, רופט מען ווידער פינף מאן, צווישען וועל־כע ס׳געפינט זיך דער סטאראסטאט אויך. א פארצווייפלונג פאלט אריין צו אונז אין די הערצער. מיר פיהלען, דאס נישט אלעס איז כשורה, נאר מיר באשטימען אויף געהן.

אונטען, ביים ארויסגעהנג, באגעגענען מיר די ערשטע 5 חברים. פון זיי דערוויסען מיר זיך, דאס מ׳האט אונז אפגענארט. מ׳האט ארויסגערופען די 10, וועלכע מ׳האלט פאר די אנפירענדע פון הונגער־שטרייק און אבסטרוקציע, יעצט וועט מען זיך מיט אונז אפרעכענען. ס׳פארדריסט אונז, וואס מיר האבען זיך געלאזט פירען פארן נאז, נאר ס׳איז פארפאלען. מ׳לייגט אונז פאר ארייגעהן אין א קאמערע, אונטען לעם ארויסגעהנג פון טורמע. ס׳איז פאר אונז קלאר, מיר טארען ניט ארייגעהן, מיר מוזען זיך אומקערען צוריק צו אונזערע חברים, אדער אויף דאס פרייהייט. אונזער סטאראסטע געהט צום פראקוראר, נאר דער לעצטער זאגט, אז ס׳איז געטאן דאס, וואס ער האט געוואלט און ערשט יעצט וועלען מיר זיצען, מ׳הייסט ווידער ארייגעהן, און אז מיר זאגען זיך אפ, קלייבט זיך צונויף א גרויסער צאל תפיסה־באאמטע און מ׳שטופט אונז אין קאמערע מיט געוואלד און כוח. זיבען פון אונז זענען שוין בייגעקומענע. ס׳איז געבליבען נאר דריי. מיר נעמען זיך זאלבע דריט שטארק פאר די הענד און לאזען זיך בשום אופן נישט ארייגשטופען אין קאמערע. מיר ראנגלען זיך א מינוט 10 און ווערען פארשלאסען. 20 «טיורעמשצ׳יקעס» זענען שטארקער פאר דריי ארעסטירטע.

נאך 6 דעם זייגער, צוזעצט מען אונז באזונדער, יעדערען אין א ליליפוט־קאמערעל, געמאכט געווארען ספעציעל פאר איינעם.

סענטיאבר 28.

מיר האבען דערלאנגט א מעלדונג, מ׳זאל אונז אומקערען צוריק אין קארפוס פאר פאליטישע. ביז מ׳וועט נישט אויספילען, וועלען מיר הונגערן נישט אויפהערען.

מיר דערוויסען זיך, דאס אונזערע חברים האבען אויך דער־לייגט אזא מעלדונג און זעטצען פאר דעם הונגער־שטרייק.

היינט איז זונטאג. קיין ענטפער קען נישט זיין, מיר מוזען אזוי ארום הונגערען ביז מארגען.

געוויס נאר ביז מארגען? ווער ווייס!...

אונזערע עלטערען זענען נעכטען אפגעשטאנען ביז 6 פארנאכט, נאר קיין עסענווארג האבען מיר נישט צוגענומען.

סענטיאבר 29.

היינט איז געוועזן דער פראקוראר. באפרידיגען אונזער פאדע־רונג אריבערפירען אונז צוריק צו אונזערע חברים זאגט ער זיך אפ. אדרבה, ער האט באפעלט אריבערפירען אונז אין די קאמערען פאר פאר׳משפט׳ע אויף טויט, בכדי איזאלירען לחלוטין.

מיר זעטצען פאר דעם הונגער־שטרייק.

סענטיאבר 30.

היינט איז דער 4 הונגער־טאג. קיין שום ענדערונגען קומען נישט פאר. מיר זיצען אין די טויט־קאמערעס. אומעטיגע זאכען דערוויסט מען זיך דא. הארצרייסענדע און שרעקליכע אויפשריפטען לייענט מען אויף די ווענד.

דער תפיסה־פארוואלטער לייגט פאר אראפנעמען דעם הונגער־שטרייק. טאמער נישט, וועט מען אונז אריבערפירען אין קראנקהויז און מיט געוואלד עסען געבען.

פארנאכט איז דא נייעס. מ׳ברייגנט אונז א שריפטליכע מעל־דונג פון אונזערע חברים, דאס די ג.פ.או. איז סוף כל סוף מסכים. אונז היינט באפרייען, און מיר נעמען אראפ דעם הונגער שטרייק.

אקטאבער 1.

נעכטען 10 ביינאכט אין ענדע פון צווייטען טאג ראש־השנה האט מען אונז באפרייט. לעם טורמע האבען געווארט אונזערע פריינד און אייניגע באקאנטע. דאס באפרייאונג איז פארגעקומען ביינאכט. כדי נישט מאכען א טומעל אין שטאדט.

דעקאבער 4.

נאך 2 חדשים לויפעניש נאך פאפירען, געלד, וויזעס און ד׳ ג. שיקט מען אונז מארגען ארויס פון רוסלאנד. מיט אונז צוזאמען פאה־רען א גרופע ארויסגעשיקטע פון קיעוו, אויך עטלאכע פון דער וויטער קאלטער סיביר, וואו זיי זענען געוועזן פארשיקט ביז יעצט. מיר פאהרען אוועק און פארלאזען דאס לאנד, וואו מיר האבען די בעסטע יאהרען אפגעגעבען אויף קאמף פאר פרייהייט און רעכט.

רחל ראזין

# דער הונגער שטרייק אין דער כּארקאווער פרויען־תפיסה

אין חודש נאוועמבער 1924 יאהר, איז אין דער פרויען תפיסה אין כּארקאוו געמעלדעט געווארען א הונגער פון 25 ציוניסטענס, וואס זענען דארט דאמאלסט געזעסען.

געזעסען זענען מיר אלע אין איינער א גרויסער קאמערא. איניגע פון אונז זענען געווען ארעסטירט נאך מיט עטליכע חדשים פאראויס, אייניגע דעם 2־טען סענטיאבר 1924 אין כּארקאוו, אדעס, פאדאליע א. ז. וו., איך מיט נאך 3 כּארקאווער חברים זענען געווען ארעסטירט, דורך א «הוספה־אפעראציע» פון דער כּארקאווער ג. פּ. או. דעם 10־טען אקטיאבר דאס זעלבען יאהר.

נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס פיל פון די חברים, ווי איך האב שוין געזאגט, זענען דא געזעסען צו 3—4 חדשים, האבען זיי נאך פאר דער צייט נישט באקומען זייער אורטייל, אנדערע אפילו דעם באשולדיגונגס־אקט נישט. מען האט שוין עטליכע מאל געפאדערט פון דעם אויספארשער דעם אורטייל, נאר קיין שום ענטפער נישט באקומען. מיר האבען שוין דעם אויספארשער צו זיך אין קאמערא ארויסגערופען, געשמועסט מיט איהם פערזענליך, ווידער איבערגעגעבען איהם אונזערע פאדערונגען, געגעבען איהם א באשטימטען טערמין, נאר די צייט איז דורכגעלאפען, דער טערמין דורכגעגאנגעהן און נישט קיין אויספארשער, נישט קיין אורטייל. עס איז שוין קיין געדולד כּמעט נישט געווען, נאר דאך האבען מיר באשלאסען בעגרענצען זיך דערווייל מיט «שלום־מיטלען», מיר האבען אבגעשיקט א בריף דעם פּראקוראר, וואו מיר האבען געפאדערט זיין קומען.

עס איז דורכגעגאנגעהן נאך אייניגע צייט, נאר דער פּראקוראר האט זיך נישט געוויזען.

דאן האבען מיר באשלאסען אנווענדען דעם לעצטען מיטעל, וועלכען מיר זענען נאך געווען אומשטאנד צו טאן: מעלדען א הונגער־שטרייק. ווי נאר די אדמיניסטראציע האט באקומען אונזער מעלדונג וועגען הונגער, האט מען שוין גלייך אין אונזער קאמערא ארייגעשלעפט די «פאראשא» (דאס האט דייטליך געהייסען, אז מיר וועלען אן די רעכט צו בענוטצען זיך מיט דעם בית הכסא) אויף אונזער פראטעסט און פאדערונג צו צונעהמען פון אונז די «פאראשא», האט מען אונז געענטפערט מיט א פעסטען קלאנג פון פארשליסען די טיר פון יענער זייט. ווען עס איז געקומען די צייט פון ארויס־לאזען די ארעסטירטע אויף די נויטיגע באדערפניסען (לויט דעם מנהג לאזט מען ארויס 3 מאל אין טאג אויף 5—10 מינוטען), האט מען אונזער טיר נישט געעפענט. זייענדיג זייער אויפגערעגט דערפון, האבען מיר אלע פאר גרויס כעס און צארן אנגעהויבען קלאפען אין דער טיר מיט וואס נאר עס האט זיך געמאכט אונטערען האנד: לעפעל טאסען, פיסלאך פון בעט א. ז. וו.

א שטארקער ווידערקלאנג פון אלע קארפוסען פון דער תפיסה, האט איבערגעחזרט דעם דאזיגען קלאפען.

עס האבען זיך אנגעהויבען צו ערגערען אויך די איבעריגע ארעסטאנטען (ניט פאליטישע), עס האט זיך גענומען הערען שטימעס און געשרייען: «די חברים פאליטישע שלאגט מען».

די תפיסה האט ערוואכט.

די אדמיניסטראציע, וועלכע איז גאר ווייניג צופרידען געווען מיט אזא אונערווארטעטע באציהונג פון די איבעריגע ארעסטאנטען, האט גענומען ארבייטען ענערגיש. מיט קריג און אנשרעקען, האט זיך איהר איינגעגעבען זיי איינצושטילען. אונזערע האבען זיך אבער נישט איינגעשטילט. דאס קלאפען אין טיר האט נישט אויפגעהערט. מען האט אונז עטליכע מאל דורכען קוק־פענסטער אבגעגאסען מיט וואסער און איין מאל אונז טאקע גוט אבגעגעבען דורך דער פראזורקע (א פענס־טערל אין טיר, דורך וועלכע מען דערלאנגט ארעסטירטע עסען). אזא מין קאשמאר האט זיך געצויגען א פאר שעה, ביז וואנען מיר האבען פארט אויסגעפירט. די אדמיניסטראציע האט באפעלען צונע־מען ביי אונז די «פאראשא» און מיר האבען זיך א ביסעל בארו־

היגט, די הי מיר האבען רוהיג פארגעזעצט דעם הונגער. 10 אזייגער אין אווענד איז געקומען אין תפיסה דער אויספארשער פון ג. פ. או. פון אוקראינע חאָזע. ער האט ארויסגערופען צו זיך אויף אנ׳אויספארשונג איינע אונזערע א חבר׳תע. נאר מיר האבען איהם געמאלדען, אז מיר הונגערען און קיינער פון אונז וועט יעצט צו איהם אויף אנ׳אויספאר־שונג נישט געהן, אונטערהאנדלונגען קען ער פירען נאר מיט אונזער סטאראסטא די ח׳ ב. ל.; חאזע האט זיך אבער פון אזעלכע אונטער־האנדלונגען ענטזאגט און האט געמאלדען אז ער וויל רעדען מיט יעדערער פון אונז באזונדער. נאך א לאנגען ישוב הדעת, האבען מיר אויף דעם איינגעשטימט.

ארויסרופענדיג צו זיך, האט חאזע יעדערער פון אונז פאר־געלייגט אראבצונעמען דעם הונגער, צוזאגענדיג אונז גלייך אויף מארגען צו באפרייען, אנדערע האט ער פארגעלייגט טאקע דא ביי איהם אין קאבינעט איבערצובייסען. קיינער האט, פארשטעהט זיך, זיין פארשלאג נישט אנגענומען (מיר האבן אלע פארשטאנען, אז דאס איז דער באוואוסטער מעטאד אראבצורייסען מיט אלע מין הבטחות דעם הונגער), דער הונגער איז פארגעזעצט געווארען.

דא הייבט זיך אן א אינטערעסאנטער מאמענט אויף וועלכען עס איז ווערט אבצושטעלען זיך. חאזע האט געוואלט איזאלירען פון אונז די אויבענדערמאנטע ח—תע ב. ל., און ווען מיר האבען פראָ־טעסטירט, און נישט געוואלט דערלאזען דערצו, האט מען צו אונז אנ־געווענדעט א גאנצען קאָנוואָי רויטע ארמייער. עס איז שוין געווען שפעט נאך האלבע נאכט, ווען מען האט באפעלען איבערצופירען אונז אין דעם געהיימען קארפוס פון איינצעלנע קאמערעס. נישט ווילענדיג איזאלירט זיין איינע פון די צווייטע, האבען מיר דעם באפעל אויף זיך ענטזאגט דורכצופירען. דא האט מען זיך שוין מכין געווען ארויסצוטראגען אונז מיט גוואלד פון דער קאמערא אויף די הענד, מיר האבען פארשטאנען, אז מיר האלטען שמאל און האבען באשלאסען אליין צו פארלאזען די קאמערא און נעמענדיג זיך פעסט פאר די הענד, כדי זיך נישט צושיידען איינע מיט די אנדערע, האט מען אונז אין אזא צושטאנד ארויס געפירט אויף׳ן הויף. אין

דרויסען איז געווען א קאלטער רעגען, ווי עס גיט זיך איין אין א נאוועמבער טאג. די רויטע ארמייער האבען זיך שוין צו אייניגע פון אונז דערנעהענטערט, אנגעכאפּט ביי די הענד, כדי צו פאנאנדערזעצען אונז באזונדער. נאר א דאנק דעם שטארקען געשריי, וואס מיר האבען אויסגעבראכען, פון וועלכען זיי האבען זיך ווי א ביסעל פארלארען, און א דאנק אויך דעם, וואס מיר האבען זיך צו גרופּירט צו 2–3 מענשען אין א קאמערא האט זיך אונז איינגעגעבען זיצען נישט איינציגווייז.

דעם קשר האבען מיר אבער איינע מיט דער אנדערער נישט פארלארען און איבערגערעדט זיך, נישט קוקענדיג אויף די זידלערייען פון די רויטע ארמייער און אויף זייער געשרייען: „Молчи, жидовская морда!“. און ווידער האט זיך אנגעהויבען די פּראצעדורא פון אבגיסען אונז מיט וואסער, אין אזא צושטאנד אן קישענס, אן קליידער (אלעס איז געבליבען אין דער גרויסער קאמערא) האבען מיר קוים דער־ווארט טאג.

אויף מארגען אין דער פריה, האט מען אונז אבגעפירט אלעמען צוריק אויף אונזער אלטען ארט, צוריק אין דער אלגעמיינער קא־מערא. די אדמיניסטראציע פון תפיסה .האט נישט אויפגעהערט פא־דערען צו איזאלירען פון אונז אונזער סְטַארָאסְטַא, וועלכע איז אמענדע, נישט קוקענדיג אויף אלע אונזערע פּראטעסטען, אליין אוועק אין דער «אָדינאָטשקע», ווילענדיג באפרייען אונז פון די ווייטערדיקע רעפּרעסיעס.

עס איז דורכגעגאנגען נאך א טאג און נאך א נאכט.

דער הונגער האט זיך נאך געצויגען.

אויף דעם 3־טען אדער 4־טען טאג (איך געדענק יעצט נישט פּונקטליך), איז אין דער תפיסה אנגעקומען א קאמיסיע פון דער «ארבייטער־פויערים» אינספּעקציע. עס איז א מנהג, אז אויף א בעזונ־דערען ברעט איז אלע מאל אנגעצייכענט די צאהל הונגערענדע אין דער תפיסה. אונז האט די אדמיניסטראציע אין צעטעל נישט אריינ־געטראגען, נאר עס האט זיך געמאכט, אז די קאמיסיע האט זיך צו־פעליג אנגעשטויסען אויף אונזער קאמערא, האט זי זיך אינטערעסירט מיט די סבות פון אונזער הונגערען און האט צוגעזאגט איבערגעבען וועגען דעם, דעם פּראקוראר פון אוקראינא. אויף מארגען איז צו אונז

אנגעקומען דער מיליטער פראקוראר, (צוליב וואס עפעס דער מילי־טער פראקוראר?), מיר האבען געפאדערט דעם בירגערליכען פראקוראר נאר בשום אופן נישט דעם מיליטער, וועלכער האט קיין שום שייכות צו אונז נישט. דערפאר האבען מיר נישט געפונען פאר נויטיג פירען מיט איהם וועלכע עס איז אונטערהאנדלונגען. ער איז אוועק. דער הונגער האט זיך נאך געצויגען.

דערווייל פון דרויסען איז די תפיסה געווען ארומגערינגעלט פון די עלטערען און קרובים פון אונזערע חברים, וואס האבען געבראכט שפייז פאר זייערע קינדער, און דערוויסענדיג, זיך אז מיר הונגערען, זענען זיי געלאפען אין ג.פ.או. צו האזע, וועלכער האט געמאלדען, אז ער... ווייס אפילו נישט פון דעם, וואס מען הונגערט, און ער האט צוגעזאגט, נאך די אלע פאדערונגען פון די עלטערן, איבערצוגעבען וועגען דער מעשה דעם פראקוראר, וואס ער איז לויט דעם דין מחויב געווען צו טאן.

עס איז דורכגעגאנגעהן נאך א טאג. די עלטערען האבען זיך שוין געווענדעט צום פראקוראר גלייך און דא האבען זיי באקומען די זעלבע תשובה: ער ווייס גארנישט פון דער גאנצער מעשה.

לויט די פאדערונגען פון די עלטערען, האט ער דורכען טעלעפאן צו זיך ארויסגערופען דעם אויספארשער און זיי האבען צווישען זיך געהאט א לאנגען ויכוח, נאך וועלכען אין דער זעלביגער נאכט איז געגעבען געווארען אין תפיסה א טעלעפאנאגראמע פון דעם פראקוראר, אז די פאדערונגען אונזערע וועלען זיין ערפילט. מיר האבען דעם הונגער איבערגעריסען.

און טאקע אין א פאר טעג ארום האבען מיר באקומען אונזער אורטייל: 2 יאהר פארשיקען אין פארשידענע פונקטען. דאס איז גע־ווען דער אורטייל פון כארקאוו.

מאסקווא האט פון איהר זייט מוסיף געווען א יאהר.

אט אזוי האבען מיר א דאנק דעם 5—6 טאגיגען הונגער זיך אויסגעקעמפט גירוש אויף 3 יאהר אין די וויטע פארווארפענע ווינק־לאך פון קירגיזיע, אוראל און סיביר.

י. אביבית

# «די טריבונע איז פריי!»

ס׳אז געווען אין דער צייט ווען די יעווסעקציע פלעגט צונויפ־רופען אונפארטייאישע קאנפערענצען פון דער אידישער יוגענד, כדי פירען א קאמף מיט די ציוניסטישע אידעען און שטימונגען, וועלכע האבען היינט דא, און מארגען דארטען געשפראצט און געוואקסען צווישען דער אידישער יוגענד, ווי שוואימען נאך א געשמאקען זומער־רעגען.

אויך אין פאלטאווע, סוף דעקאבער 1925 יאהר איז צונויפגערופען אזא מין קאנפערענץ מיט דעם צוועק אנגעמען מיטלען פארהאלטען דאס אריינדרינגען פון ציוניזם אין די טיפע און ברייטע מאסען פון פאלטאווער יוגענד. פיהר אווענדען האט זי געדויערט, פיהר אווענדען האט מען געגאסען פעך און שוועבעל אויף די ציוניסטען. אלערליי ליגענס און בלבולים איז דארט געווען ארויסגעזאגט. איינער פון די יעווסעקישע אנפירער האט צוהיצענדיג זיך דערציילט, דאס די ציוניסטען האבען מיט דעניקינען געמאכט אידישע פאגראמען, מיט אזעלכע מעשים האט מען געוואלט די אומפארטייאישע יוגענד אפשרעקען פון ציוניזם.

פאר אונז — י. ווי. א. ס. מ. — , די ארגאניזאציע פון דער ציוניסטישער יוגענד, אויך פאר׳ן «השומר הצעיר» איז קלאר געווען, דאס מיר מוז׳ן ארויסקריכען פון אונזערע פארבארגענע לעכער און קריגען א וועג צו דער אונפארטייאישער יוגענד פון דער קאנפערענץ.

דער קאמיטעט פון אונזער ארגאניזאציע האט באשטימט אנגעמען מיטלען אונזערע חברים זאלען אריינדרינגען אין דער קאנפערענץ אלס געסט און ווער ס׳וועט קענען אלס דעלעגאטען. ביי א פא־

סענדען מאמענט ארויסטרעטען און אויפווייזען אויף די דורך און דורך פאלשע פאליטיק פון דער יעווסעקציע; אויפווייזן אויפן אויסערגעווע־נליכען טעראר פון דער ראטהן־מאכט איבער דער אידישער יוגענד, וועלכע קעמפט צוזאמען מיט די עלטערע חברים און מיט דער גאנצער באפעלקערונג פאר פרייהייט און פאר איהרע נאציאנאל־געזעלשאפט־ליכע אידעאלען.

אויך איז באשטימט געווארען ארויסלאזען א אומלעגאלען אויפ־רוף, געווידמעט דער קאנפערענץ און פארווארפען מיט איהם די גאנ־צע שטאדט.

די ערשטע צוויי טעג האט מען דורכגעלעזט צוויי פארטראגן. דער ערשטער — וועגען נאציאנאלער פאליטיק פון דער קאמוניסטישער פארטיי און דער צווייטער — וועגען ציוניזם. מיר האבען זיך אלע געגרייט צום דריטען טאג פון דער קאנפערענץ, צו די ויכוחים.

דער אויפרוף איז שוין געווען פארטיג. «י. וו. א. ס. מ.»'צעס, «שומרים», זענען געווען גרייט צולאזען זיך איבער אלע ווערקשטא־טען, פאבריקען, קלובען און טעאטרעס פארשפרייטען דעם אויפרוף.

אין זאל פון קאנפערענץ איז געווען א געשפאנטע שטימונג. אויף די הינטערשטע רייהען זענען געזעסען אונזערע חברים און אלע האבען געפילט, דאס צו די קאמוניסטישע אונטערדריקער האבען די רייהען קיין שום שייכות.

די ויכוחים האבען זיך אנגעהויבען. אט רעדט איינער, איהם פארבייט דער צווייטער. זיי ווארפען פון טריבונע זידעל־ווערטער, וועלכע ווייזען נאר, דאס פאר זיבען יאהר קאמף מיט אלערליי מיטלען מיט'ן ציוניזם, וואקסען דאך די ציוניסטישע יוגענד ארגאני־זאציעס און ווערען שטארקער.

מיט א מאל האט זיך פון ערגעץ א שאט געגעבען א מבול פון ווייסע פאפיר איבער די קעפ פון די דעלעגאטען. דאס איז גע־ווען אונזער אויפרוף.

ס'איז געווארען אויף א ווײלע א צומישונג. יעדער כאפט דעם אויפרוף, יעדער לייענט און קאמענטירט. דער פארזיצער געפינט זיך באלד, נעמט דעם אויפרוף, לייענט איבער און זאגט:

— «די ציוניסטען זענען העלדען נאר אויפ׳ן פאפיר. זיי קענען זיך נאר באהאלטען אונטער די פלייצעס. זאל איימיצער ארויסגעהן אהער, געוויס איז פאראן אין זאל ציוניסטישע יוגענד, זאל איימיצער געפינען די מוט און ארויפקומען, די טריבונע איז פריי. ביטע!».

איבער׳ן זאל געהט דורך א ווינט פון שטילע שושקעריי. אלע גיבען זיך א קער צו די הינטערשטע רייהען, אלע ווילען זעהען דעם, וועלכער וועט נישט מורא האבען רעזיקירען מיט זיך, מיט זיין פערזענ־ליכע פרייהייט און פארנעמען די פרייע טריבונע. כדי כאטש עטליכע מינוט ארויסזאגען אונאָבהיינגיגע, אמת׳ע, פרייע ווערטער.

שטיל, מיט געמאסטענע טריט, דערנעהענטערט זיך צום פרעזי־דיום אונזער חבר וו. א. (ער איז יעצט פארשיקט קיין סיביר) און מיט א פעסטע זיכערקייט פערנעמט ער די טריבונע. דער זאל ווערט רוהיג, אלע קוקען מיט א פערהאלטענעם אטעם.

פריהער שטיל און וואס ווייטער מיט א העכערען קול ווארפט אונזער חבר פלאמענדיגע ווערטער, וואס בייסען און ברענען די קא־מוניסטישע אַאודיטאריע.

— «רעדען דא וועגען ציוניסטישער אידעאלאגיע ווילט איהר? לאזט פריהער ארויס פון די קעלערן אונזערע יונגע חברים, וועלכע איהר האט היינט פאר פארשפרייטען דעם אויפרוף ארעסטירט; איהר לעגט פאר פארנעמען די פרייע טריבונע צוליב א אידעאלאגישען קאמף, אין דער צייט ווען איהר האט היינט ביינאכט אין די ווענט פון ג. פ. או. צוגעשטעלט א 13 יאהריגען אינגעל דעם רעוואלווער צום שלייף ער זאל ארויסגעבען זיינע עלטערע חברים: נאר זאלען די אומפארטייאישע, וואס געפינען זיך דא וויסען, וועגען דער שענ־דליכער פאליטיק...

מעהר האט מען איהם נישט געלאזט רעדען. ס׳איז געווארען א טומעל און א גערויש, מ׳האט אנגעהויבען שטויסען און שטופען די אלע, וואס מ׳האט באמערקט פון זיי א סימפאטישע באציהונג צום רעדנער.

ס׳הערט זיך מיט א מאל א געשריי פון א 14 יאהריגען סקאַאוט ר. צום פרעזידיאום:

— איהר האט דאך פארגעלייגט די פרייע טריבונע, וואס לאזט איהר יעצט נישט ריידען?.

תיכף כאפען איהם ארום א פאר שטארקע הענד און שלעפען איהם ארויס פון זאל. איך האלט זיך נישט איין, לויף ארויס פון געביידע, כאפ אן דעם קאמסאמאלעץ פאר די הענד און לאז איהם, ניט שלאגען דאס קינד.

אין דער זעלבער צייט טוהט זיך אין זאל חושך.

דאס שטופעריי ווערט נאך גרעסער. ס'פארלעשען זיך לאמפען. מ'רוקט זיך ארויס, ווער דורכ'ן טיר, ווער דורך די פענסטער. אויף'ן גאס איז שוין געשטאנען מיליציע, נאר א דאנק דעם אלגעמיינעם טומעל האט זיך איינגעגעבען אויסמיידען אונזער ארעסט און מיר האבען זיך פאנאנדערגעגאנגען.

אין עטליכע טעג ארום, אויף א זיצונג פון שטאדט קאמיטעט, ביי א חבר, וואס האט געדארפט אפפארען קיין ארץ־ישראל עפענט זיך די טיר, ס'רייסען זיך אריין מיט רעוואלווערען צ'עקיסטען און מיר ווערען אלע אפגעפירט אין ג. פ. או.

— דאס איז די פרייע טריבונע!

קרן־צבי

# די אדעסער דעמאנסטראציע

דאס איז געווען אין אקטאבער 1924. פון איין זייט האבען געוועלטיגט אומבאגרענעצט און אכזריות'דיג טעראר און סתם רדיפות, וואס פון זיי האבען געליטען, צוזאמען מיט אנדערע נישט קאמוניסטישע פארטייען, אויך די ציונים, און פון דער אנדער זייט—א ערהויבענע נאציאנאל־ציוניסטישע שטימונג צווישען די ברייטע שיכטען פון פאלק. די ציוניסטישע ארבייט, געפינענדיג זיך אין די תנאים פון דער ראטהן־ארדענונג, האט זיך געמוזט פירען שטיל, געשלאסען, כדי איהר זאל חלילה נישט שאדען קיין עין־הרע.

און דאך האט זי מיט זיך געבראכט גינסטיגע רעזולטאטען. זי האט צוזאמענגעבונדען די פאלקסמאסען מיט דעם ציוניסטישען געדאנק, און נישט קוקענדיג אויף די שווערע פאליטישע תנאים און די רעפרעסיוועַ מיטלען פון דער מאכט, האט איהר דאך געלונגען איינווארצלען אין די הערצער פון פילע די אמונה אין דער באוועגונג, וואס האט אויפגעהויבען הויך די פאנע פון באפרייאונג ווי אין דעם נאציאנאלען, אזוי אויך אין דעם סאציאלען זין.

און וואס מעהר עס האט זיך געשטארקט די רדיפות, האט זיך אלעס מעהר און מעהר געשטארקט די סימפאטיע פון דעם המון פון דעם רוסישען יודענטום צו דעם ציוניסטישען אידעאל.

איך געדיינק נישט, אז פאר דער גאנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער ראטהן־מאכט, זאלען די מאסען זיך צובינדען אזוי שטארק צו דעם ציוניסטישען געדאנק און צו ארץ־ישראל ווי אין דער דאזיגער תקופה. אויך נישט ווייניג האט אויף דעם געווירקט די אזוי אנגערופענע «פערטע־עליה», אין וועלכער דאס רוסישער יודענטום האט פארנומען א גאנץ בכבודיגען ארט.

דער קאמיטעט פון דער פאראייניגטער־יוגענד־ציוניסטישער ארגאניזאציע אין אדעס, אין וועלכער איך בין דאן געווען א מיטגליד, האט באשלאסען אויסצונוצען די דאזיגע סימפאטיע, כדי צו ברייגגען צו א עפענטליכען אויסדרוק די געפיהלען פון דעם המון צו ארץ־ישראל און זיין סאלידאריטעט מיט דער ציוניסטישער באוועגונג, וועלכע עס האלט מלחמה מיט גרויס עקשנות פאר איהר עקזיסטענץ, נישט קוקענדיג אויף די גרויזאמע תנאים. אפלייגען דאס אין לאנגען באנק האבען מיר נישט געוואלט. מיר זענען געקומען צום באשלוס, אז צוליב דעם איז כדאי אויסצונוצען די שמחת־תורה׳דיגע נאכט, ווען אין בראדסקעס שול, די גרעסטע אין אדעס, קלייבען זיך צוזאמען טויזנטער מענשען. פון דארט האבען מיר גערעכענט ארויסטרעטען מיט א גרויסער ציוניסטישער מאסען־דעמאנסטראציע. פילע האבען געצווייפעלט אין דעם גאנצען ענין; ספקות האבען זיך ארייגגע׳גנב׳ט אין זייער נשמה — אבער סוף־כל־סוף האבען געזיגט די «יא־זאגער», ווייל מיר האבען געפילט, אז מיר וועלען געפינען א אפקלאנג אין

די הערצער פון דעם המון — און דאס איז די בעסטע פארזיכערונג אויף איין ערפאלג.

שמחת־תורה אווענד האבען זיך אונזערע חברים געקאנצענטרירט אויף דעם הויף פון בראדסקעס שול. פילע פון זיי זענען געווען אפ־גע«משפט» צו ארויסגעשיקט ווערען פון רוסלאנד; נאר דערווייל האט מען זיי באפרייט אויף ערבות. און ווען דער קהל האט זיך א ריר געטאן אין זיינע גרויסע מאסען פון שוהל, האבען מיר אויסגעבראכען מיט אפריילליכער, לעבעדיגער «התקוה». די טויזענטקעפיגע מאסע, דערהערענדיג די האפענונגספולע ליד, וועלכע מען האט פארשפארט און קעלער, און פארשמיט אין קייטען און דאך איז זי נישט פאר־שטומט געווארען, האט זי זיך ארומגעקליבען ארום אונז. דאן זענען מיר ארויס אויף דער גאס. אנגעהויבען האבען מיר פון דער גאס «ז׳וקאווסקע». די חברים פון דער פאראייניגטער יוגענד־ציוניסטישער ארגאניזאציע זענען געגאנגעהן פאראויס, און נאך זיי האט זיך געצוי־גען א פילטויזענטקעפיגער המון. די גאסען זענען געווען שווארץ פון מענשען. די טראמווייען זענען געבליבען שטיין, כדי געבען אונז די מעגליכקייט פארטצוזעצען ווייטער אונזער וועג. די דעמאנסטראציע איז דורך אונטער די פאלגענדע לאזונגען: געגען די רדיפות און רעפרעסיעס, געגען דער יעווסעקציע, געגען דעם «קאמסאמאל», פאר דעם ציוניסטישען געדאנק און פאר דער אידישער ארץ־ישראל.

ווען מיר זענען געקומען נעהנטער צו «פרעאבראזענסקע», האט אונז ארומגערינגעלט די מיליציע און ג. פ. או־ניקעס. מיליציאנערען, פוסגעהער און רייטער, האבען זיך ארייגעריסען צווישען די דעמאנ־סטראנטען און האבען גענומען טיילען מיט די הענטלאך פון די ביק־סען מכות אכזריות אויף אלע זייטען. סע הערט זיך קולות: ווער עס שרייט סתם און ווער עס פראטעסטירט געגען דעם טעראר און גוואלד־טאהטען, געגען דער ג.פ.או. ביי א פערטעל שעה האט געדויערט דער שטרייט צווישען דער אומבאוואהפענטער דעמאנסטראציע און דער באוואהפענטער מיליציע.

מען האט זיך גענומען פאנאנדערגעהן. רייטענדע מיליציאנערען טראגען זיך איבער די גאסען פון שטאט און מאכען גרעסער די פאניקע.

דאס האט זיך געענדיגט מיט 32 ארעסטען — 6 פון דער יו־גענד ארגאניזאציע און די איבעריגע — סתם יודען. (צווישען זיי 14 ארבייטער).

די דאזיגע דעמאנסטראציע האט געהאט פאר אונז א גרויסע נאציאנאלע באדייטונג. זי האט געוויזען קלאר און דייטליך, אז דעם ציוניסטישען געדאנק קען מען נישט פארשמידען אין קייטען און נישט פארשפארען אין קעלער. ארץ־ישראל איז איינגעוואקסען טיף־טיף אין אין דער נשמה—און פון מאל צו מאל רייסט זיך ארויס אפען דער דאזיגער אויסדרוק, און קיינער קען אויף זיין וועג דאן נישט שטיין.

אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין רוס־לאנד פאר די לעצטע 10 יאר, צעהן יאהר פון העראישען שטרייט, צעהן יאהר פון פאליטישע אונטערדריקונג—שיינט די דאזיגע דעמאנ־סטראציע ווי א ליכטיגער שטערען, און ווייזט אונז דעם וועג אין דער צוקונפט.

א. פ.

# מיט די אלטע וועגען

דער ראטהן־רעזשים איז דער זעלבער וואס דער צארישער—נאר מיט א רויטען אונטערשלאק.

אויב אויף אנדערע געביטען האט די ראטהן־מאכט געפרובט זו־כען נייע וועגען פון ארבייט און שאפען, איז אויפן געביט פון קאמפף מיט איהרע פאליטישע געגנער, האט זי פון דער ערשטער מינוט אי־בערגענומען די צארישע סיסטעם, באזאלצט די דאזיגע שטה מיט מעהר שווינדעל און אכזריות׳קייט, און זי האט אנגעהייבען געהן מיט די אלטע וועגען.

איינע פון די וועגען איז—דאס שאפען פראוואקאטארס אין די געגנערישע פאליטישע גרופען.

ביי אונז אין קיעוו האט נישט איין מאל פאסירט, דאס צעקיסטען

ארעסטירען חברים פון אונזער יוגענד־ארגאניזאציע׳ מ׳שרעקט זיי׳ מ׳ז׳אנגלירט פאר זייערע אויגען מיט רעוואלווערען׳ מ׳טוהט אפ אלע נידערטרעכטיגע מעשים׳ דערנאך זאגט מען זיי צו הדש־געהאלט׳ איינארדענען אין א הויך שוהל׳ אבי נאר די חברים זאלען מסכים זיין אינפארמירען וועגען אלעס׳ וואס קומט פאר אין ארגאניזאציע׳

איינעם׳ פון די מעהר כאראקטעריסטישע צופאלען׳ וויל איך דא איבערגעבען׳

דעם 2־טען סענטיאבר 1924 יאהר איז צווישען א גאנצע גרופע ציוניסטען׳ געווען אויך ארעסטירט אונזער חבר ש׳׳ און אין פאר־לויף פון א קורצע צייט איז ער באפרייט געווארען׳

אין א שיינעם פריהמארגען קום איך צו איהם און איך טרעף איהם נישט אין שטוב׳ ס׳געהט דורך א טאג׳ צוויי — ער איז נישט דא׳ מיר זוכען איהם אין טורמע׳ אין ג׳ פ׳ או׳ (וואו זוכט מען אין רוסלאנד א פארפאלענעם מענשען?) — נישט דא׳

אפשר איז ער פלוצלונג אוועקגעפאהרען?

וואלט דאך געוואוסט זיין קווארטיר־בעל־הבית׳ פארנאכט איז ער אוועק פון שטוב און נעלם געווארען׳

וואו קען ער זיין?

ארעסטירט נישט׳

אוועקגעפאהרען נישט׳

אפשר דער׳הרג׳ט? דערטרונקען?

ניטא קיין ענטפער׳ ניטא קיין סמן פון לעבען; מיר געהען ארום ווי צומישטע׳

אין צוועלף טעג ארום קומט ער צו געהן און נאך לאנגע וואק־לעניש דערצעהלט ער מיר על פי סוד פאלגענדע:

פאר א טאג־צוויי פארן פארפאלען ווערען׳ באקומט ער א צעטעל פון זיין פריהערדיגען אויספארשער׳ ער זאל קומען צונעמען איינינע זא־כען׳ וואס זענען פארבליבען פון דעם פריהערדיגען ארעסט׳ דער חבר ש׳ דערציילט קיינעם גארנישט און געהט צום אויספארשער׳

ער קומט אריין׳ ביים טיש זיצט דער צעקיסט גריז׳ול׳ וועלכער באגעגענט דעם חבר זייער גראב און לייגט איהם תיכף פאר ווערען א געהיימער אגענט פון ג׳ פ׳ או׳

דער חבר׳ א צוטומעלטער פון דאס פלוצים־קייט און אונגעריכט־קייט׳ בלייבט שטיין פארוואונדערט און וויל זיך אנגעמען מיט גדעיינקען׳ נאר גריז׳ול׳ לאזט נישט א טראכט טאן׳ ער הייסט דעם חבר מסכים זיין׳ אויב נישט וועט די ג׳ פ׳ או׳ געפינען וועגען ווי איהם צו גויטען.

גריז׳ול רעדט און טענה׳ט און בעת מעשה ווארפט ער יעדער מינוט א מאדנעם פילזאגעדיגען בליק אויפן רעוואלווער׳ וואס ליגט אויפן טיש.

מיין חבר ש׳ בארוהיגט זיך׳ דער נעבעל וואס האט איהם פאר־דעקט דעם קאפ און די אויגען געהט דורך׳ ער הויבט זיך אן אריענטי־רען אין זיין לאגע און ענטפערט קאטעגאריש׳ דאס קיין פראוואקא־טאר וועט ער נישט ווערען.

דאן פירט מען איהם אפ אין א טיפען קעלער.

דער קארידאר א שמאלער און א נידעריגער׳ פוןביידע זייטען טירען׳ וואס פירען אין קליינע קאמערלאך.

פינסטער און שטיל.

ס׳הערט זיך נאר די טריט פון באוואפענטען וועכטער׳ וואס געהט אום איבערען קארידאר הין און צוריק׳ א קבר־אומעט כאפט ארום יעדערען וואס פאלט אריין אין דיזעם קעלער.

ס׳עפענט זיך אין וואנד א אייזערנע טיר און דער חבר בלייבט דארט אליין אן זאכען׳ אן א מאטראץ׳ אן א קאלדרע׳ אן עסענווארג — איינער אליין צווישען שווארצע ווענד מיט אויסגעקריצטע טרויעריגע אויפשריפטען׳ אויפן גאס איז שוין כמעט ווינטער און די קעלט מיט די פינסטערע מחשבות לאזען ניט אנשלאפען ווערען.

דער הונגער פויזעט פאמעלאך איבערען גאנצען גוף׳ ס׳פארדרייט זיך די קאפ און דער חבר ווערט א צובראכענער׳ אויפן קאלטען צע־מענט בריק׳ סוף־כל־סוף אנשלאפען.

«ווי זאגט מען אן א היים וועגען ארעסט׳ ווי קריגט מען פון דערהיים מיינע זאכען׳ ווי קריגט מען עסענווארג פון דער פרייהייט» — דאס זענען געווען זיינע איינציגע מחשבות אין די ערשטע טעג פון זיין זיצען אין דעם אונטערערדישען קאזעמאט.

נאך עטליכע טעג וואלגערניש אין דעם פינסטערען קעלער, רופט מען איהם ווידער ארויס צום אויספארשער גריז׳ול, וועלכער לייגט פאר דעם חבר א אולטימאטום: אדער ווערען א געהיים־אגענט, אדער צופוילט ווערען אין קעלער, אז קיין איין מענש זאל אפילו נישט וויסען, וואוהין ער איז פארלארען געגאנגען.

10 טעג איז דער חבר אבגעלעגען אין דעם לעבעדיגען קבר. פארן ארויסגעהן האט מען ביי איהם גענומען א אונטערשריפט, קיי־נעם, קיינעם נישט דערציילען, און אויב ער וועט נישט אויספילען זיין הבטחה, וועט דער הבר דער׳הרג׳עט ווערען אומעטום, וואו ער וועט זיך נישט געפינען.

---

דער חבר איז יעצט שוין נישט אין רוסלאנד, דאס גיט מיר דאס רעכט פובליקירען דיזעם צופאהל.

ל. רפאלי

# א קרבן פון א סיסטעם

צוזאמען מיט אונזער חבר א. ע. האט געוואהנט אין מאסקווע א 22 יאהריגער בחור מ. ג., וועלכער איז טאג און נאכט געווען פארנומען מיט דאגת־פרנסה, און געווען כמעט דער איינציגער פאר־זארגער פון זיין גרויסע פאמיליע.

דעם 3־טען יוני 1925 יאהר ארעסטירט די ג.פ.או. אונזער חבר א. ע., אלס א מיטגליד פון דער ציוניסטישער יוגענד ארגאניזאציע. אין איין וועג פארכאפט די ג.פ.או. «צייטווייליג» זיין שכן מ. ג., און בא־שולדיגט איהם אין ציוניזם, אין דער צייט ווען מ. ג. איז קיינמאל קיין פארטיי מענש נישט געווען, און האט זיך נישט פארנומען מיט געזעלשאפטליכע ענינים.

— «ווי קען דאס געמאלט זיין, איהר זאלט לעבען צוזאמען מיט א

י. ווי א. ס. מ.־אוועק און נישט זיין קיין ציוניסט?» — פרעגט ביי מ. ג. דער באוואוסטער מאסקווער אויספארשער טשערטאק, וועמעס הענד האט צובראכען נישט איין הונדערט יונגע לעבענס און צוזייט נישט קיין ביי־סעל ציוניסטען איבער די פאליט־איזאליאטארס, טורמעס און סיבירער טייגא.

מ. ג." וועלכער גלויבט ערנסט אין דעם קאמוניסטישען יושר, ווייזט אויף מיט אלע מעגליכקייטען זיין כשר'קייט און זיין לאיאלער באציהונג צו דער ראטהען־מאכט; ער איז מסכים פובליקירען אין די צייטונגען, דאס ער האט קיין שום שייכות צו קיין ציוניסטישע גרו־פירונג; ער איז גרייט אפעפענען זיין גאנצע הארץ, ווייל ער גלויבט באמונה שלמה, דאס די מאכט וועט אומזיסט קיין מענשען נישט בא־שטראפען.

טשערטאק פארשטייט גאנץ גוט, דאס אויב מ. ג. איז מסכים מודיע זיין אין די צייטונגען וועגען זיין לאיאלקייט און אונפארטיי־אישקייט, איז ער געוויס נישט קיין פארטיי־מענש, נאר —

— זאל דוכטען — ערקלערט טשערטאק — אז איהר זייט טאקע א לאיאלער ראטהען־בירגער, אבער איהר קענט דאך נישט אפלייקענען, אז וואהנענדיג צוזאמען מיט א. ע." האט איהר נישט געוואוסט, דאס ער איז א ציוניסט, און פונדעסטוועגען זייט איהר נישט געקומען מיר דערציילען וועגען איהם?

— איהר קענט געוויס — זעצט פאר טשערטאק — אלע מענשען, מיט וועלכע עס פלעגט זיך באגעגענען אייער שכן, און איהר זייט נישט געקומען אונז דערציילען וועגען זיי, אינדערצייט ווען ס'איז א חוב פון יעדער סאוועטישען בירגער אונז אינפארמירען וועגען אזעל־כע צופאהלען.

וואס קען מען דאן ענטפערען?

זאגען, אז דער געוויסען דערלאזט אייך נישט צו מסר'ן?

נאר דאס איז דאך נישט מעהר, ווי א «בורז'ואזע מאראל»!

ס'האט גארנישט געהאלפען.

ס'האט נישט געהאלפען קיין השתדלנות פון מ. ג.'ס עלטערען ביים פראקוראר, וועלכער האט מערנישט ווי צוגעזאגט פאנאנדערקליי־

בען דעם ענין, און אויב מ׳וועט איהם פארשיקען, וועט מ. ג. צוריק אומגעקערט ווערען פון סילקא.

מ. ג. ווערט פארשיקט קיין קירגיזיע אויף 3 יאהר. די משפחה ווערט צורואינירט, זי ווערט אן איהר איינציגען בעל־פרנסה.

מ. ג. פאהרט צו די הרי־חושך מיט א האפענונג באלד צו־ריק־קומען א היים. דער פראקוראר האט דאך עפעס מבטיח געווען!

נאר אין גיכען, זייענדיג שוין אין גירוש ווערט די האפענונג אלעס שוואכער, און דאס גלויבען אין דעם יושר און אביעקטיוויטעט פון דער מאכט צאנקט ווי א ליכט.

15 דעקאבער 1925 יאהר ווערט מ. ג. ארעסטירט צוזאמען מיט די איבעריגע 60 פארשיקטע ציוניסטען אין אוראל, קירגיזיע און סי־ביר. זיי ווערען אלע באשולדיגט אין «פארנעמען זיך מיט ציוניסטי־שע אגיטאציע אין סילקא.»

נארישע סאוועטישע קעפ!

צווישען וועמען פארשפרייטען זיי ציוניסטישע אידעען?

צווישען די קירגיזען? זיראניעס? וואטיאקעס? אדער אפשר גאר צווישען די סאמאיעדען?

דעם 6־טען מארט פון הייגטיגען 1927 יאהר ווערט מ. ג. נאך א מאל ארעסטירט צוזאמען מיט א גרופע חברים, בשעת זיי זענען געקומען צום פארוואלטער פון ג.פ.א. זיך דורכריידען וועגען די בייע ג.פ.או.׳אישע ארדענונגען, וואס מאכען שווערער דעם אזוי אונמעג־ליכען לעבען פון די פארשיקטע.

מ׳האט זיי תיכף אויפן ארט ארעסטירט און גוט אנגעבראכען די ביינער, ווען זיי האבען זיך אפגעזאגט אריינגעהן אין א קאמערע, וואו ס׳זענען געזעסען קרימינעלע פארברעכער.

פאר דיזעם «גרויסען פארברעכען» פון ווערען גוט אנגעשלאגען דורך די צ׳עקיסטען, באקומען די חברים א אקט, אין וועלכען מ׳בא־שולדיגט זיי «אין נישט פאלגען דער מאכט» און א. וו.

ביז יעצט זיצען זיי נאך אין טורמע און ווארטען דעם אורטייל.

ס׳איז שוין פארלאפען 2 יאהר ווי מ׳האט מ. ג. ארעסטירט. ער איז נישט נאר פארשיקט, נאר ער איז ווידער פארשפארט אין תפיסה.

דער פראקוראר, ווי ס'שיינט, מוז נאך עד היום האלטען אין איין אי־בערקוקען זיין ענין, און אפשר איז ער געקומען צו טשערטאקס באשלוס:

— דאס ווער ס'איז נישט קיין געהיים־אגענט פון ג.פ.או. מוז זיינע לעצטע ביסעל יאהרען פארברייינגען אויף יענעם זייט אוראל...

מ. ג.־ס טרויעריגע געשיכטע איז נישט קיין צופאהל. אין רוס־לאנד איז פאראן מענשען לאיאלע, אפטמאל גלויבענדע אין דער ראטהן־גערעכטיקייט און דאך פאלען זיי אלעס קרבנות פון א געוויסער סיס־טעם. זיי פאלען דערפאר, ווייל זיי האבען דערוויזען בלייבען עהרלי־כע, פריוואטע מענשען. זיי ליידען דערפאר, ווייל זיי האבען נישט געוואלט זיין די "אויגען און אויערען פון ג.פ.או.".

תל־אביב, 1927.

# ווי מען שאפט א געזעלשאפטליכע מיינונג

I.

צום פרעזידיום פון אלאוקראינישען צענטראל־אויספיר־קאמיטעט. פון פאליטישע ארעסטירטע סאציאליסטן *)

כארקאווער טורמע, איינצעל־קורפוס.

ביי די לעצטע באזוכען פון פערשידענע אויסלענדישע דעלעגאציעס אין ס. ס. ס. ר. איז זיי, לויט די ידיעות פון דער אפיציעלער ראטהן־פרעסע, געגעבען געווארען זיי די מעגליכקייט פריי און אלזייטיג צו באקענען זיך מיט'ן לעבען אין ראטהן־פערבאנד". נישט קוקענדיג דערויף זענען מיר עדות פון א גאנצע רייהע צופאלען פון אונפערשעמטער פאלסיפיצירונג און פארדרייהונג פון דאס בילד אין דעם לעבען פון דער צענטראלער אוקראינישער כארקאווער טורמע, וועלכע ווערט רעמאנס־טרירט דורך די ארגאנען פון ג. פ. או. און דורך דער אדמיניסטראציע פון כארקאווער טורמע פאר די אויסלענדישע דעלעגאציעס, וועלכע קלייבען זיך נישט פאנאנדער אין די ערשיינונגען פון דער היינטיגער ראטהן־ווירקליכקייט.

*) דאס איז די מעלדונג מיט וועלכע די ארעסטירטע אין כארקאווער טורמע האבען זיך געווענדעט צום "ציק" ווענען די אויסלענדישער ארבייטער די דעלעגאציעס.

צו איז אייך באוואוסט, אז אין דער נאכט פון 14־טן אויף 15־טן אווגוסט ד. י., ערב דעם אנקומען פון דער צווייטער דייטשעשער ארבייטער דרעלעגאציע, איז אין טורמע פארגעקומען אנ׳אקט פון פאליטשער פארגעוואלטונג איבער די פאליטישע ארעסטירטע סאציאליסטען? ניין אין אווענד איז געקומען דער הויפטפראקוראר, וואס האט די השגחה איבער ג. פ. או. פון או. ס. ס. ר. דער בירגער קריינע, אין דער באגלייטונג פון דעם קאמענדאט פון ג. פ. או., פון נאטשאלניק פון טורמע און מיט אנאנצער אפטיילונג פון טורמע־אויפזעהער. די לעצטע זענען באפאלען, לויט׳ן באפעל פון פראקוראר, די פאליטישע ארעסטירטע, וועלכע האבן, פארשטייענדיג די סבה פון דעם פלוצלענגדיגען איבערפירען זיי אין ג. פ. או. — אפגעזאגט זיך צו געהן מיט זיי און האבן פראטעסטירט געגען אזא פארבלענדען די אויגען אין געגען אזא שפאטעריי איבער פאליטישע ארעסטירטע. צי איז אייך באוואוסט אז געגען פאליטישע ארעסטירטע האט מען זיך באנוצט מיט ברוטאלער פיזישער קראפט, און, אויסדרייענדיג זיי די הענד, שלאגענדיג זיי מיט שטיוועל, צושטעלענדיג זיי צום ברוסט געוועהר — האט מען זיי, אזוי ארום אוועקגעפירט אין ג. פ. או.? צי איז אייך באוואוסט, אז די אוועקגעפירטע אין ג. פ. או. פאליטישע ארעסטירטע האבן ערקלערט א הונגער־שטרייק אלס פראטעסט געגען די געוואלטאהטען מיט וועלכע מען איז אויסען געווען אונמעגליך מאכען אונזער טרעפען זיך מיט דער דעלעגאציע? צי איז אייך באוואוסט, אז נאך דעם האט די תפיסה באזוכט א האלענדישע ארבייטער־יונגענד דעלעגאציע און ווען זי האט געפרעגט: „צו האלטען זיך דא אויך פאליטשע?" האט דער נאטשאלניק פון תפיסה פארזיכערט, אז „קיינע פאליטישע זענען דא ניטא"?

עטוואס ענליכעס איז פארגעקומען מיט אנ׳אמעריקאנישער סטודענטען־דעלעגאציע, וועלכע האט באזוכט די טורמע נאך פאר דער האלענדישער. און, ענדליך, 14־טן סעפטעמבער, ווען די דייטשעשע דעלעגאציע איז געקומען ארום־קוקען די טורמע און די פאליטישע ארעסטירטע, וועלכע האבען דאן געהאט זייער שפאציר אויפ׳ן הויף, דערוויסענדיג זיך וועגען דעם באזוך האבען געפאדערט פון דער טורמע אדמיניסטראציע, אז די דעלעגאציע זאל באזוכען דעם איינצעל־קארפוס — האט די אדמיניסטראציע געענטפערט, אז דאס איז בכלל נישט קיין אויסלענדישע דעלעגאציע, נאר „אנגעוויינליכע עקסקורסיע פון קאלאניסטען פון די דייטשעשע קאלאניעס אין ס. ס. ס. ר." און האט צוגעזאגט אריינפירען זיי אויך אין איינצעל־קארפוס, וועלכע הבטחה זי האט, געוויינליך, נישט ערפילט. ווי מיר האבען זיך נאכהער דערוואוסט פון די צייטונגען איז עס ווירקליך געווע אדייטשעשע פרויען־ארבייטער דעלעגאציע. אט ווי אזוי מען באקענט די אויסלענ־דישע דעלעגאציעס מיט דער ראטהן־ווירקליכקייט! און דאס אלץ טוהט זיך נישט קוקענדיג דערויף, וואס נאך 3־טן סעפטעמבער האט דער פראקוראר קריינע באזוכענדיג אונז געמעלדעט, אז ער האט גארנישט געגען דעם, דאס אונזערע

קאמערען זאלען באזוכט ווערען דורך אלע ארבייטער דעלעגאציעס, און האט אונז דערביי אפילו צוגעזאגט צו געבען וועגען דעם די נויטיגע באפעלען דער טורמע־אדמיניסטראציע. נאר די טורמע־אדמיניסטראציע, לויט׳ן באפעל פון די העכסטע ארגאנען (מסתמא, פון דעם זעלבען פראקוראר), האט גוט געוואוסט, אז פירען דעלעגאציעס איבער די איינצעל־קאמערען, הייסט אזוי גוט ווי געבען זיי די מעגליכקייט פערזענליך איבערצייגען זיך, אז אין טורמע געפינען זיך ארעסטירטע סאציאליסטען, וועלכע ווערען, דורכ׳ן ווילקיר פון דער אדמינסטראציע, ארויסגע־שיקט אין ווייטען גירוש, אין די פאליטאיזאליאטארעס אויף לאנגע טערמינען; וועלכע נ. פ. או. צווינגט צוגעבען אונטערשריפטען וועגען זייער ארויסטרעטען פון די אפאזיציאנעלע פארטייען און געגען וועלכע מען באנוצט זיך, פאר זייערע איבערציינונגען, מיט די סאמע אונפארשעמטע רעפרעסיווע מיטלען.

מיר פראטעסטירען קאטעגאריש געגען אזא שמוציגען פאליטשען אפנארען די אויסלענדישע דעלעגאציעס! מיר פראטעסטירען קאטעגאריש געגען דעם ווילקיר און די געוואלדטהאטען איבער די פאליטישע ארעסטירטע! מיר פראטעס־טירען קאטעגאריש געגען דאס נישט צולאזען צו אונז די אויסלענדישע דעלעגאציעס. מיר רעכענען פאר אונזער געזעלשאפטליכען און פאליטישען חוב פאר דער ארבייטערשאפט אנפרעגען דעם פרעזידיום פון אלאוקראינישען צענטר. אויספיר קאמיטעט, צי סאנקציאנירט ער אזויגע אזיאטישע מעטאדען פון דעמאנסטרירונג פאר דער מערב־אייראפייאישער ארבייטער דעלעגאציעס "דעם ערפאלג פון דאס סאציאליסטישע בויאונג", אדער די מיטלען זענען פשוט אונפארשעמטע טריט פון די אונטערלעקער־קאריעריסטען פון דער נ. פ. או. נאטשאלסטווע און היציגע טורמע אדמיניסטראטארען. יע, אדער נישט?

אונטערגעשריבן זענען: 1) אמיטגליד פון קלאסען־קאלעקטיוויסטישען החלוץ, וועלכער ווערט באשולדיגט אין געהערען צו דער ציונ. סאצ. פארטיי צ. ס. פ., ברוך כהן; 2־4) מיטגלידער פון דער צ. ס. פ. יצחק אלקנאוויטש, הערש פיינער, באריס כהן; 5) דער באשולדיגטער אין אנגעהערען צו דער צ. ס. פ. יוסף כהנובסקי; 6) וולאדימיר טרוטאווסקי געוו. מיטגליד פון צ. ק. פון די לינקע ס. ר.; 7־13) א גרופע פון 7 אנארכיסטען פון איינצעל־קארפוס; 14־16 באשולדיגטע אין אנגעהערן צו דער פאראייניגטע ארגאניזאציע פון דעם ציוניסטישען יוגענד אין רוסלאנד (י. וו. א. ס. מ.) נ. ס. יאנאוויצקי. וו. וויכמאן, ל. קאנטאראוו; 17) אמיטגליד פון דער ארגאניזאציע פאר אידישער נאציאנאלער פיזישער קולטור "מכבי" י. ק. ליובארסקי.

כארקאווער טורמע, 15 סעפטעמבער 1926.

.II

י. נ.

די שטארקע כוואליע פון מאסען־ארעסטען, וואס האט זיך מיט א גרויס קראפט פאנאנדערגעגאסען אין דער נאכט פון 1־טען אויף׳ן 2־טען סענטיאבער 1924 אין אלרוסלענדישען מאסשטאב, האט אויך פארכאפט די שטאדט פאלטאווע.

די אלטע צארישע טורמע אין פאלטאווע האט אין א משך פון איין נאכט זיך באנייט מיט נאך נייע 60 יונגע געפאנגענע נפשות. די ארעסטען זענען געווען מאסען—ארעסטען. די ג.פ.או., פירענדיג די אויספארשונג, האט זיך נישט געהיילט מיט דער ארבייט, פארקערט, זי האט אנגעווענדעט אלע מיטלען צו פארציהען דעם ענין און גלייכ־צייטיג זיך געסטארעט שאפען די שווערסטע באדינגונגען פאר די ארעסטירטע, רעכענענדיג מיט אזוינע מעטאדען ווירקען אויף זיי און צווינגען זיי אויף אלע מינים קאמבינאציעס מיט זייער געוויסען. מען האט פארגעלעגט די חברים געבען פובליקאציעס אין די צייטונגען אז זיי זענען ענטוישט אין דער אידעאלאגיע פון ציוניזם, טרעטען דערפאר ארויס פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, און אנערקענען די ראטהן־מאכט, אלס די איינציגע ריכטיגע סיסטעם פון דער גע־זעלשאפטליכער ארדנונג.

די פארהערען, וועלכע זענען געווען אפטע און מערסטענטייל שפעט אין דער נאכט, האבען זיך כמעט אלע מאל געענדיגט מיט דראהען פון געוועהר און מיט איזאלירען אונז אין איינצעלנע קאמערעס.

די אלגעמיינע בעדינגונגען: דער שטרענגער רעזשים, דער האלב הונגעריגער פאיאק, די שמוציגע קאמערע מיט נאסען בריק אויף וועלכען עס איז אויסגעקומען צו וואלגערען זיך, האבען שרעקליך געווירקט אויף די חברים. מען האט שטארק אנגעהויבען צו פאדערען פארבעסערען דעם רעזשים, נאר איבערהויפט ענדיגען די אויספארשונג און מעלדען דעם פסק דין.

די פאדערונגען האבען געבראכט פאלגענדע רעזולטאטען: מען האט אונז אין אייניגע צייט ארום אריבערגעפירט קיין כארקאוו אין

דער צענטראלער טורמע, וואו מען האט אונז מבטיח געווען באלד צו מעלדען דעם פסק דין.

די דאזיגע הבטחה איז מקוים געווארען אין... 65 טעג ארום, וועלכע מיר האבען פארבראכט אין א שטרענגע איזאליאציע און עס איז קיין שום אונטערשייד נישט געווען צווישען די בעדינגונגען פון דער פאלטאווער און כארקאווער טורמע.

דערווייל איז געקומען דער ווינטער. אין יענער צייט האט באזוכט רוסלאנד דער פראנצויזישער קאמוניסט אנדרע מארטי. צווישען אלע אנדערע אנשטאלטען איהם צו באווייזען איז געווען אויך אנגעצייכענט אונזער טורמע.

ניט האבענדיג קיין שום אהנונג פון דער דאזיגער מעשה, זענען מיר שטארק איבערראשט געווען, ווען מען האט אונז פלוצלונג אין א שיינעם פריהמארגען אריינגעטראגען אלעמען צו שטרייענע מאט־ראצען, ליילעכער, האנטעכער. מען האט מיט א מאל גענומען רוימען און וואשען די קאמערעס און דעם עסען האט מען פיל פארבעסערט.

באלד נאך די אלע פארבערייטונגען איז פארגעקומען דער באזוך פון מארטי. דערזעהענדיג אזא ארדנונג איז ער געווען שטארק פארוואונדערט און ענטציקט און האט אויסגעשריען: «דאס איז דאך נישט קיין טורמע, נאר גוט מעבלירטע צימערען» !

נאר א סך האבען מיר פון די באקוועמליכקייטען נישט הנאה געהאט. גלייך נאך מארטי׳ס אווקגעהן האט מען ביי אונז אלעס צו־גענומען און «די גוט מעבלירטע צימערן» האבען אנגענומען דעם פריהערדיגען חושכ׳דיגען אויסזעהען פון א טורמע.

אויס מאטראצען, אויס ליילעכער, אויס האנטעכער, אויס !

ווידער דער הארטער נאסער בריק, ווידער שמוץ, ווידער נישט דערעסען. אלעס ווי געווען...

---

נאר פאר דער געזעלשאפטליכער מיינונג פון אייראפא, און אפילו פאר דער קאמוניסטישער מיינונג, האט מען געשאפט «אן־אמת» וועגן די ארדענונגען אין די ראטהן טורמעס. דער ריכטיגער אמת

אבער, וועלכער הערשט נאך ביז יעצט אין דער זעלבער פארמע איז נאך עד היום געבליבען א סוד פאר די, וואס שטייען אין דער זייט.

ווייס דען די געזעלשאפטליכע מיינונג פון אזעלכע פאקטען, און ווי וועט זי דערגעהן דעם ריכטיגען אמת ?

א. רבינאוויץ

# א «האזישער» לעבען

ביים רוסישען שרייבער שצעדרין איז פאראן א סאטירישע מעשה'לע וועגען א בער, וועלכער האט דערשראקען ביז טויט א אומ־גליקליכען האז, לאזט ער איבער דעם האז זיצען אונטער א בוים אין אויביגע ציטערניש און וואַרטעניש אויפן טויט. דער בער זיצט געגענ־איבער און טרייסט דעם האז:

— ס'קען זיין כ'וועל דיך אויפעסען, און אפשר וועל איך דיר דעם לעבען שיינקען.

צו אט די איבערלעבענישען פון האז איז ענליך דער נארמא־לער לעבען פון א רוסישען פאליטיש־פארשיקטען, נאר מיט דעם אונ־טערשייד, דאס דער סאוועטישער «בער» וועט גיכער אויפעסען, איי־דער רוה־לאזען.

כדי ווערען אויפגעגעסען, דארף א פארשיקטער, אזוי ווי דער האז, גאר נישט טאן. ביים «בער» איז פאראן א אייגענע לאגיק, נישט קיין פארשטענדליכע פאר אונז פשוטע לעבעדיגע. אויב איהר זייט א פארשיקטער, איז נישט געמאלט אזא לאגע, ווי פרום און גוט מפירט זיך נישט, איהר זאלט זיין געזיכערט פון אונאנגענעהמע צופאהלען. זאל ווער ס'איז פון די פארשיקטע אנטלויפען, ער מעג זיין פון א אנדער פארטיי, אפילו א פאליטישער געגנער, איז שוין גענוג מ'זאל אייך באשולדיגען אין ארגאניזירונג און מיטווירקונג פון

זיין אנטלויפען. פאר אזא «שולד» ווערט איהר אדמיניסטראטיווי אן שום משפט, פארזעצט אויף דריי יאהר אין תפיסה, אדער אין בעסטען פאל האלט מען אייך אפ א האלב יאהר ארעסטירט און דערנאך שיקט מען אייך איבער אין א מעהר ווייטערדיגען פארוואָרפענעם ווינקעל. (אזוי האט מען ארעסטירט אלאווערטען, בשעת לוואוו איז אנטלאפען; ראבינאוויצען ווען סאפיר איז געלאפען און א סך אנדערע).

ס׳איז אויך געגוג, איהר זאלט אפט זיך איבערשרייבען מיט אייערע געוועזענע פארטיי חברים וועלכע קומען אויך אפ גלות אין די קאלטע געגענדען, מ׳זאל אייך און אלע איי״ערע חברים, אויך גלאט פריוואטע מענשען, וואס האבען גאר קיין שייכות נישט, באשולדיגען אין שאפען א ארגאניזאציע פון פארשיקטע, און באשטראפען לויט די שטריינגע געזעצען פון דער «סאציאליסטישער רעפובליק». (צום ביישפיל דער באוואוסטער ענין פון «15 דעקאבער 1925» ווען עטליכע צענדלינג ציוניסטען, צוווארפענע איבער אוראל, סיביר און קירגיזיע, זענען פארזעצט געווארען אויף דריי יאהר אין פאליט־איזאליאטאר).



א גרופע פון אונזערע חברים
אויפן עטאפ אין נארימער געגענד אין סיביר.

פונדעסטוועגן אזעלכע גרויסע צופאהלען, ס'זאל מעגליך זיין אייך שטארק א ביס טאן, טרעפט נישט אפט. דענסטמאהל נעמט אן ג.פ.או. — א אינסטיטוציע, וואס האט פיינט זיצען מיט צונויפגעלייגטע הענד — «היימישע» מיטלען: פונקטען פון קרימינעלען קאדעקס וועגן «נישט פאלגען דער מאכט», אדער וועגן «באליידיגען בשעתן אויספי־לען מלוכה'שע פאראדענונגען».

פארשידענארטיגע מיטלען זענען פאראן כדי אייך צוצעפען די אויבענדערמאנטע שולדען. ס'איז גענוג איהר זאלט ריידען נערוויזי, מיט א ביסעל העכערען קול צום קלענסטען אגענט פון ג.פ.או., ווי פייל אויסן בויגען און מיט א רוהיגע זיכערקייט וועט איהר באשטימט באקומען די מאקסימאלע שטראף, וואס קומט נאכן קאדעקס: זעקס חדשים שווערע תפיסה.

איהר קענט זיין קאלטבלוטיג ווי א פיש, איהר מעגט זיך ווי סטארען אויסמיידען צוזאמענשטייסונגען מיט דער מאכט, סוף־כל־סוף וועט איהר מ ו ז ע ן, ווען ניט איז געגען אייער ווילען, בעגעהן א «קרימינעלע פארברעכונג».

אט איז א כאראקטעריסטישער עפיזאד פון דיזעם ארט פאר־ברעכונגען:

ל. ס., א ניינצעניאהריגער חלוץ, וועלכער איז פארשיקט אין דארף סורגוט, טאבאלסקער קרייז, האט באקומען א ערלויבעניש ארויספאהרען קיין ארץ־ישראל. א פריילעכער און צופרידענער פון צווייענדיגען גליק — פרייהייט אין ארץ־ישראל — לאזט ער זיך פאהרען 700 ווערסט מיטן טייך קיין טאבאלסק איינצוארדענען די פאפירען.

ס'איז געווען סוף זומער, ס'איז געגאנגען דער לעצטער פאראכאד, און א פאר חדשים ביז ס'וועט זיך איינשטעלען די ווינטער וועגי, וועט סורגוט אבגעריסען ווערען פון דער גאנצער וועלט. דעריבער האבען א 2־3 חברים פון סורגוטער פארשיקטע געבעטען ל. ס.־ן, א י ב ע ר ג ע־ ב ע ן א י ן ט א ב א ל ס ק א ו י ף פ א ס ט א פאר געוויינליכע, אומשול־דיגע בריעף.

אין סורגוט אויפן פאראכאד פארן אפפאהר, האט מען פלוצלונג ביי חבר ל. ס. געמאכט א רעוויזיע, און צוגענומען די בריעף. דאס גע־

שעהעניש האט דעם חבר׳ס גוטע שטימונג נישט געענדערט· רעוויזיעס ביי פארשיקטע איז א נארמאלע זאך און אריבערפירען צו טאבאלסקער פאסט אומשולדיגע ברייף איז נישט קיין פארברעכען·

נישט אזוי?

נאר ווי ל· ס· איז אנגעקומען קיין טאבאלסק· תיכף ארעסטירט מען איהם· מ׳פירט איהם אפ אין ג· פ או· און מ׳וויל איהם פאר־שפארען אין א «קאמערע»· וואו ס׳ליגט א טויט שכור׳ער נפש· ל· ס·, פארשטענדליך· זאגט זיך אפ ארייגגעהן אין דער «קאמערע»· ער האט דאך שוין געאטעמט פריי· אט· אט איז ער אין ארץ־ישראל· צו וועל־כע ער שטרעבט זיינע גאנצע יאהרען· און פאר וועלכע ער ליידעט זא שטארק·

א גראבע ווילדע האנד ווארפט איהם אריין מיט גוואלד אין קא־מערע און מ׳פארפירט א פראצעס פון ווידערשטעלען זיך דער מאכט· פאר דיזעם זינד באקומט ל· ס· זעקס חדשים טורמע אין אמאליגען באוואוסטען טאבאלסקער קאטארזשנעם צענטראל·

אזוי טרויעריג האט זיך געענדיגט די רייזע פון פארוואגעלטען חלוץ דורך סיביר קיין ארץ־ישראל·

די וו ע ג אבער איז אויך צופיל קאמפלעצירט פאר ג· פ· או· און נישט אלע מאל מאכט זיך אונטערען האנד אזיינע צופאהלען·

ג· פ· או· איז די אינסטיטוציע· וואס עסט אויף א היבשע טייל פון מלוכה׳שן ביודזשעט· מוז זי פארט זייער אפט באווייזען איהר נוצליכקייט און טהעטיקייט· צוליב דעם צוועק האט ג· פ· או· איינגע־פירט די לעצטע פאר יאהר א נייע סיסטעם· דער טעכנישער נאמען פון דער דאזיגער שטה איז «אריבערווארפונגען»· .

אין מיט׳ן נאכט קומען די «געסט»· מ׳מאכט אויף איין פוס א אונטערזוכונג· מ׳הייסט זיך שנעל אנטאן· מ׳ארעסטירט· און מיט׳ן עטאפ פירט מען אייך אריבער אין א אנדער· על פי רוב א ערגערען ארט· אנווייזען די סבות· פאר וועלכע הטאים האט מען אייך «אריבערגע־ווארפען»· זאגט מען זיך קאטעגאריש אפ· אין געכען פארשטעהט איהר אליין· אז קיין סבות איז נישט געוועזען· נאר דאס אריבערווארפען

טוהט זיך אפ פייערליך און מיט אזא שנעלקייט, אזוי ווי מ'וואלט אפגעטאן דעם וויכטיגסטען מלוכה'שן טאהט.

היינטיגס ווינטער, צום ביישפיל, האט מען אויף דעם שטייגער «איבערגעוואָרפען» דריי פארשיקטע פון טאבאלסק קיין בעראזאווא, יעדערן האט מען געמוזט געבען פערד, א שמייסער און סאלדאטען באגלייטער, דורכצומאכען א שטרעקע פון 1000 ווערסט, ווייל די טייך איז געווען פארפרארען.

אייך האט זיך מסתמא דערעסען די איינפארביקייט פון אלע צופאהלען, נאר, גלייבט מיר, לעבען אין דער אטמאספער איז אויך נישט פריילאך. איהר קומט צופאהרען אין א ישוב, וואו איהר דארפט אפריכטען גלות א פארמאטערטער און א דערשלאגענער. איהר טראכט און שטרעבט נ א ר וועגען רוהי. נאר ס'איז אומזיסט.

די אונטערערדישע ארבייט אין רוסלאנד, פול מיט אומרוה, וואגלעניש און אומצוטרוי; אויביג היטען זיך און קוקען אויף די זייטען; זעהן אויסמיידען די נעצען, וואס זענען אויף יעדער שריט און טריט, דערנאך דאס וואלגערען זיך עטליכע חדשים מיט'ן עטאפ, פארזוכען אין וועג יעדער טורמע — נאך אזא לעבען איז די איינציגע מחשבה, וואס גיכער קומען צום «ציל», זיין שוין אויף א ארט און רוהען אונגעשטערט.

נאר תיכף, גלייך ווי איהר קומט צופאהרען, ווערט איהר ענ־טוישט. די חברים וואס איהר טרעפט אויפן ארט, אלס גאסטפריינד־ליכע «בעלי־בתים», טיילען אייך מיט וועגען יעדער געפאהר וואס קען אייך טרעפען: איהר פארשפעטיגט צו דער רעגיסטראציע (לויטן גע־זעץ מוז מען זיך רעגעסטרירען צוויי, דריי מאל אין וואך), ווערט איהר אדמיניסטראטיוו ארעסטירט פון 7 ביז 14 טאג; איבערגעהן דעם תחום פון שטאדט, ווערט באטראכט אלס א פרואוו צו אנט־לויפען. אייערע בריעף ווערט שטריינג צענזורירט און רעגוליער מאכט מען אונטערזוכונגען.

אפט טרעפט, דאס מ'באגעגענט אייך מיט א פראגע, אפשר ווילט איהר האבען די מאקסימאלע גאראנטיע פון א רוהיגען לעבען? דאן זאלט איהר שטענדיג זיין אין דעד זייט און נישט באגעגענען זיך מיט

די איבעריגע פארשיקטע (דרך אגב, אין קרייז קאמי, וואו בכלל פארשיקטע און בתוכם ציוניסטען זענען זייער פיל, איז אפיציעל פארבאטען צונויפקומען זיך, אפילו אין א פריוואטע קווארטיר, נישט מעהר פון דריי פערזאן).

אין אזא אטמאספער זייט איהר פאר׳משפט צו לעבען טעג, חדשים און יאהרען, יעדער טאג, יעדער מינוט ווארט איהר אויף א אונטעזוכונג, ארעסט, «איבערווארפונג», אויף יעדער שריט באגעגענט איהר דאס נאכשפירען פון ג. פ. או. וועלכע לאזט אייך אויף איין מינוט נישט אראפ פון אויג, און נוצט אויס צוליב דעם צוועק אלע מענשען וואס רינגלען אייך ארום, די בעל־הבית׳טע, דעם קרעמער, די שכנים. און אין דער ווייטער, שיין גליקליכער פערספעקטיוו, טאמער וועט איהר שיין אויסמיידען תפיסה, איז אומקערען זיך אין רוסלאנד נישט אהין וואו איהר ווילט, נאר וואו די מאכט וועט אייך אנווייזען.

איך וויל נישט און קען נישט ארומשרייבען אלעס וועגען דעם לעבען פון די פארשיקטע. דאס ארומגעשריבענע איז נאר א שטיקעל לעבען.

דער שרעקליכער עקאנאמישער מצב, די איינזאמקייט, די פוסט־און־פאסטקייט, דאס אבגעריסענקייט פון דער זאך צו וואס דו האסט געדינט און אפגעגעבען דיין ענערגיע און יוגענד, דאס צושיידען זיך מיט די בעסטע חברים, מיט וועלכע דו ביסט אויף לעבען און טויט צונויפגעבונדען אין קאמפף פאר איין אידעאל — די קאפיטלאך האב איך דורכגעלאזען. דאס ביסעל ארומגעשריבענע, דוכט מיר, גיט א אלגעמיינעם איינדרוק וועגען דעם לעבען פון אונזערע חברים, וועלכע זענען צוזייט און צושפרייט איבער דעם גרויסען טרעהרען־ים פון דער «סילקא» אין ראטהען־רוסלאנד.

1927.

אליהו מאראווסקי

# פון אונזער לעבען אין קוסטאנאי

און אט זענען מיר אין קוסטאַנאַי.

א שטאדט אין יעצטיגער קירגיזישער רעפובליק, מיט'ן אויסזעהן און אינהאלט פון א גרויסען פאנאנדערגעווארפענעם דארף.

פינסטערקייט, בלאטע, פארווארפענקייט, איינזאמקייט און אומעט. א אבגעשטאנענע באפעלקערונג מיט געוואהנהייטען פון מיטעל־עלטער— אין דיעזעם פונקט זענען מיר, נאך זעקס חדשים וואלגערניש איבער טורמעס און עטאפ, געקומען אלס פארשיקטע אויף דריי יאהר.

שוין די ערשטע טעג איז אונז קלאר געווארען, דאס ס'וועט אויסקומען פירען א שטענדיגען און לאנגזאמען קאמף מיט דער מאכט פאר אונזערע מינימאלע מענשליכע רעכט. אויב אין טורמע זענען מיר געוועזען פארזארגט מיט «דירה און קעסט», איז קומענדיג קיין קוס־טאנאי האבען מיר פארלארען דאס אויך. אין שטאדט קריגען ארבייט איז געוועזען אנמעגליך. טאמער האבען מיר געפונען א אָרט פון פשוטע שווארצע ארבייט, איז נישט פארלאפען קיין פאר טעג, ווי מ'האט — «צוליב סבות פון בעל־הבית נישט אנגעווענדעטע» — אונז אפגעזאגט.

ס'האט פאסירט, דאס א פארשיקטער האט געקראגען ארבייט ביי א פויער דריי ווערסט פון שטאדט. צוליב דער סבה, באקומען מיר אלע א באפעהל רעגיסטרירען זיך אלע צוויי טעג, נישט רעכענענדיג זיך דערמיט, וואס לויטען געזעץ מעגען די פארשיקטע זיך געפינען אין תחום פון 12 ווערסט ארום ישוב.

מיר האבען דערלאנגט א מעלדונג, אנגעוויזען אויף דאס געזעצ־לאזיקייט פון ג. פ. או. און אפגעזאגט זיך ערפילען די נייע פאראר־דענונג. דיזער אינצידענט האט זיך געענדיגט מיטן ארעסט פון אלע

פארשיקטע אויף צוויי וואכען, נאר דער נייער באפעהל איז בטל געווארען.

די ג. פ. או. האט זיך אבער נישט אויף לאנג איינגעשטילט.

אין מיט'ן נאכט, דעם 20־טען סענטיאבער 1925 יאהר, האט די ג. פ. או. געמאכט ביי אלע פארשיקטע א אונטערזוכונג. מ'האט געזוכט אין די שיך, אין די שפייז, אין מויל. ס'איז געווען קלאר, מ'וויל געפינען צו וואס זיך צו צ'עפען און אפרעכענען זיך מיט אונז.

און אזוי איז טאקע געוועזען.

זעקס פארשיקטע האט מען ארעסטירט און פארגעלייגט ארויספאהרען אין ווייטע קירגיזישע דערפער. צווישען די זעקס איז געווען אונזער א חבר אין דריטער סטאדיע פון טובערקוליאז, אויך א מיידעל מיט א קראנקען אויער. מיר האבען געפאדערט מ'זאל די צוויי מאן לאזען אין קוסטאנאי, אדער פארשיקען אהין, וואו ס'איז פאראן מעדיצינישע הילף.

ס'האט זיך דערנעהענט די צייט פון אפפאהר. מיר האבען זיך דערוואוסט אין וועלכע נייע פונקטען וועלען די חברים צושיקט ווערען. קיין מעדיצינישע הילף איז דארט נישט געווען. מיר האבען צוגעשטעלט דער ג. פ. או. פון דאקטוירים צייגנישען, דאס דער לעבען פון די קראנקע חברים אן שטענדיגע מעדינישע הילף איז אין געפאהר.

ס'האט אבער, דאס אויך נישט געהאלפען.

דאן האבען אלע ארעסטירטע ערקלערט, אז זיי זאגען זיך אפ פאהרען, ווייל די ג. פ. או. וויל פשוט פ י ז י ש פ א ר נ י כ ט ע ן די קריינקע צוויי חברים.

אין באשטימטען טאג פון ארויספאהר האט מען די חברים בלוטיג צושלאגען און פארבונדענע ארויפגעווארפען אויף א וואגען.

דאס איז געווען דער ערפאלג פון דער קאמוניסטישער פארטיי איבער קריינקע, אויסגעמאטערטע, מיט גאר נישט פארטיידיגטע, מענשען.

* * *

אין דער נאכט פון 4־טען אויף 5־טען נאיאבער 1925 יאהר איז געשטארבען אין דארף אוריצקי, הונדערט מיט צוואנציג ווערסט פון



דער חבר מאייסעייעוו אויף דעם טויטען־בעט אין קירגיזיע.

קוסטאנאי, אונזער טאלאנטפוהלער יונגער חבר יעקב בן צבי מאייסעייעוו. פיהר טעג האט ער זיך געקארצעט אין אונמענשליכע ווערהטאגען.

מיט וואס ער איז קראנק געווען און פון וואס ער איז געשטאר־בען ווייס מען ביז יעצט נישט, ווייל קיין דאקטאר איז דארט נישט געווען און קיין שום דיאגנאזע איז נישט געשטעלט געווארען.

פינף טעג האבען מיר איהם נישט מקבר געווען. מיר האבען געפאדערט פין ג. פ. או. דאס מעגליכקייט אליין איהם ברייננגען צו קבורה.

אין אנוועזענהייט פון דער גאנצער קאלאניע פארשיקטע האבען מיר איהם שטיל אראפגעלאזט אין קבר, און פון טיפען הארצען האט זיך ארויסגעריסען דאס ליעד «בעבודה», וועלכע האט זיך ווייט צע־גאסען איבער די ברייטע, לאנגע קירגיזישע סטעפעס און אנגעזאגט אלע אונזערע חברים, וואס זענען צוואווארפען אויף הונדערטער און טויזענדער ווערסט, אונזער אומגליק און אונזער גרייט צום קאמף.

## די עקזעקוציע אין איזשמא

אין דיזען בריעף וויל איך אייך ארומשרייבען די לעצטע גע־שעהענישען, וואס זענען פארגעקומען ביי אונז....

....לויטן געזעץ באקומט יעדער פארשיקטער א קליינע שטיצע פון דער מלוכה׳שער קאסע. די לעצטע צייט האט זיך מישב געווען די ג. פ. או. און געוואלט איינפירען א נייעס: יעדער פארשיקטער זאל פערזענליך דערלאנגען א ביטע, אויף צו באקומען די שטיצע. די צ׳ע־קיסטען וועלען די ביטע פאנאנדערקוקען און געבען וועמען זיי פאר־שטייען, אין דער צייט ווען מ׳מוז, דאס וואס אונז באלאנגט, ארויס־געבען אן באזונדערע מעלדונגען.

מיר האבען זיך אפגעזאגט ערפילען זייער נייעם קאפריז. ס׳איז דערגאנגען דערצו, דאס זיי האבען אן ביטעס אפגעזאגט אונז געבען שטיצע, מיר, פון אונזער זייט, האבען אויפגעהערט זיך רעגעסטרירען.

סוף פעוראל איז געקומען צו אונז קיין איז׳מע דער שעף פון ג· פ· או· פון גאנצען געגענד· דראזדאוו· מיר האבען זיך צו איהם געווענדעט· ער זאל מאכען א׳עק צו די «נייע ארדענונגען» און אויך מ׳זאל העכערען די שטיצע און ארויסגעבען באקליידונג·

די פארשיקטע געפינען זיך אין א זעלכע «לעכער»· וואו ס׳איז אונמעגליך צו פארדינען אויפן לעבען· און דארט וואו ס׳מאכט זיך א מעגליכקייט זיך איינארדענען· נעמט אן די ג· פ· או· מיטלען· איהר זאלט די געלעגענהייט פארלירען· ביי דער צארישער רעגירונג האט א פארשיקטער באקומען אזא שטיצע· וועלכע איז כמעט גענוג געווען אויף׳ן מיטעלס־לעבען; די ראטהן־מאכט גיט ארויס אינגאנצען זעקס רובל א חודש· וואס קלעקט קוים אויף דירה און קלייניקייטען·

דראזדאוו האט צוגעזאגט געבען אויף מארגען א ענטפער·

אויפן צווייטען טאג· זענען אלע פארשיקטע געקומען נאכן ענטפער· תיכף איז דראזדאוו אוועק· זאגענדיג· דאס ער האט אלעס ערליידיגט און אלע קענען יעצט באקומען פארגרעסערטע שטיצע· אויך עטוואס אויף באקליידונג·

און ווי איבער׳רעש׳ט זענען מיר געווארען ווען ס׳האט זיך ארויסגעוויזען· דאס דראזדאוו האט אלע פארשיקטע צוטיילט אויף צוויי גרופען· לויט׳ן נאציאנאלען פרינציפ· די ר ו ס י ש ע האט מען ארויסגעגעבען ווי דראזדאוו האט צוגעזאגט· און די א י ד ע ן האט ער פארקלענערט אפילו די סומע· וואס מיר האבען ביז יעצט באקומען· ס׳איז פאר אונז געווארען קלאר· פאר וואס דער אנטיסעמיטישער קאמוניסט האט זיך פריהער ארויסגערוקט פון ג· פ· או·

אלע פארשיקטע· סיי רוסען· סיי אידען· זענען געווען אויפגע־רעגט פון ג· פ· או·׳אישער הפקרות· דער אנטיסעמיטיזם און דראזדאווס פראוואקאציע־פאליטיק צו צוטיילען די פארשיקטע אויף צוויי לאגערס· האט אונז אלעמען גענויט צונויפשטעלען אין נאמען פון אלע פאר־שיקטע א פראטעסט און פאדערן א גלייכע באציהונג צו אלע פארשיקטע·

אויף מארגען זענען מיר ווידער געקומען אין ג· פ· או·

די לופט האט געשמעקט מיט פולווער· אין הויף האבען זיך געפונען אנגעגרייטע רויטע־ארמייער און מיליציע· אין שטוב איז גע־

ווען א גרויסער צאהל צ׳עקיסטען און דער פערוואלטער פון דער מיליציע, איך דראזדאוו האט געווארט אויף אונזער קומען.

ווי דראזדאוו האט דערזעהן דעם פראטעסט פון אלע פארשיקטע און די נישט איינגעגעבענע פראוואקאציע, האט ער אונז „קארעקטיש“ געהייסען פארלאזען די געביידע.

מיר פון אונזער זייט, האבען איהם פארגעלייגט באפרידיגען אונזערע פאדערונגען און ארויסגעבען אלעמען גלייכע שטיצע.

דאן באפעהלט דראזדאוו, א כעס׳דיגער און צוהיצטער, 5 מאן פון אונז אלעמען ארעסטירען.

און דא איז פארגעקומען עטוואס אויסערגעוועהנליכעס. איינער פון אונז, בשעת מ׳האט איהם גענומען ארעסטירען, שרייט אויס אויפגערעגט צו דראזדאוו׳ן:

— „נעכטען ביזט דו שענדליך אנטלאפען, און היינט ווילסט דו מיט נייע מיטלען אונז פראוואצירען“ ? !

די ווערטער האבען געווירקט אויף דראזדאוו׳ן ווי הייסע קוילען. א צובושעוועטער כאפט ער ארויס דעם בראאונינג, די טיר עפענט זיך און ס׳לויפען אלע סאלדאטען אריין מיט איבערגעוועגטע ביקסען, נאר מיר האבען זיך קאטעגאריש אפגעזאגט פארלאזען די געביידע, זיי מעגען אונז צושיסען אויפן ארט.

דראזדאוו האט, קענטיג, זיך פלוצלונג ארום געזעהן, אז ער איז צופיל און צו ווייט פארקראכען אויף זיין אייגענער פאראנטווארטליכקייט, האט ער באשטימט וואס גיכער נישט ווערען, דאן איז אונז געבליבען נאר איין אויסוועג, זיך פאנאנדערגעהן און ווענדען טעלעגראפיש קיין מאסקווא.

דיזע געשיכטע איז תיכף דערוואוסט געווארען דער גאנצער באפעלקערונג, און אלע האבען געווארט מיט אומגעדולד דאס ענטוויקלונג פון די ווייטערדיגע געשעהענישען.

מיר האבען זיך געווענדעט טעלעגראפיש צום צענטראל־אויספירקאמיטעט, צום הויפט פראקוראר און אויך צו י. פ. פעשקאווא (פארזיצערין פון הילפס־קאמיטעט פאר פאליטישע ארעסטירטע און פארשיקטע) און מיטגעטהיילט וועגען דער הפקרות פון איז׳מער ג. פ. או.

ס׳איז געווען קלאר, אז דראזדאוו וועט נעמען נקמה.

דעם גאנצען טאג איז ביי איהם פארגעקומען באראטונגען מיט די קאמוניסטישע איז׳מער «הויך־באאמטע», וואו ס׳איז, קענטיג, געבליבען אוועקשיקען א טייל פון אונז אין ווייטערע מקומות.

אין עטליכע טעג ארום, דעם 8 מארט, האבען 7 מאן פון די ציוניסטישע פארשיקטע באקומען א מעלדונג, מ׳זאל תיכף קומען מיט די זאכען אין ג.פ.או. אויף צו פארלאזען איז׳מע.

די 7 חברים האבען זיך קאטעגאריש אפגעזאגט. זיי האבען גע־מאלדען, דאס דער ארויסשיק איז בלויז א נקמה־אקט פאר אונזער ווענדונג צו די העכערע ארגאנען פון דער ראטהען־מאכט, און ס׳איז געוויס ניטא קיין פאראָרדנונג פון צענטער, אונז ווידער שלעפען פון דאנענט.

דאן באקומען מיר, די זעלבע 7 מאן, א איינלאדונג קומען אין ג.פ.או. פירען אונטערהאנדלונגען. מיר האבען פארשטאנען, מיט וואס די אונטערהאנדלונגען וועלען זיך אויסלאזען, האבען מיר זיך צו־נויפגעקליבען אין מיטען ישוב אלע חברים, — אכטצען מאן, אויף איין דירה, זייענדיג זיכער אז אין מיטען שטאדט וועלען די צ׳עקיסטען נישט וועלען פאר די אויגען פון דער גאנצער באפעלקערונג נעמען אונזע־רע 7 חברים מיט געוואלד.

אונזערע חשבונות, אבער, זענען געווען פאלשע. אין מיטען העלען טאג, ביי דער אנוועזענהייט פון א גרויסער צאל אונז סימפאטיזי־רענדע פריוואטע איינוואהנער, זענען צוגעקומען 50 סאלדאטען, מילי־ציאנערען און צ׳עקיסטען אויף פשוטע מיטגלידער פון קאמוניסטישער פארטיי, וועלכע אין נויט פילען אויס די פונקציעס פון ז׳אנדארמען, און מ׳האט ארומגערינגעלט אונזער געביידע פון אלע זייטען. א גרוי־סע צאהל מערדער פלעגען זיך אריינרייסען צו אונז אויפן צווייטען שטאק, ארויסשלעפען איינציגווייס פון אונז אויפן גאס, פארדרייען די הענד אויף הינטען, רייסען די האר, קנייפען, שלאגען און פייניגען ביז וואנעט דער חבר פלעגט זיין נאהענט צום חלושן.

דאן האט מען יעדערען געלייגט אויף א וואגען, צו וועלכען מ׳האט איהם צוגעבונדען פון קאפ ביז די פיס.

מיט א תלינישע ווילדקייט האט מען אזוי געטאהן מיט אלע 7 מאן׳ אין אזא לאגע׳ אן עסענוווארג׳ אן זאכען׳ אן קליידער׳ פאר־בונדענע׳ מיט פארוואונדענע און צוקאליעציטע הענד מיט פלייצעס׳ זענען מיר אפגעפאהרען פון איז׳מע׳

אפפאהרענדיג 12—15 ווערסט האט מען אונז פאנאנדערגעבונדען און די ווייטערדיגע אונזער וועג איז דורך שטיל׳ אן אינצידענטען׳

אויפן 5־טען טאג זענען מיר געקומען קיין «אוסט־אוכטאא»׳ דא בין איך און נאך 3 חברים פארבליבען׳ די איבעריגע דריי פירט מען אוועק אין א צווייטען צופוילטען ארט׳

איך וואלט בעסער אונזער דארף גערופען «שטילע גרויסזאם»׳ דאן וואלט דער נאמען געווען ענליך צום אינהאלט פון איהם׳

א קווארטיר איז דא אונמעגליך צו קריגען׳ שפייז קען מען נישט דערגרויכען פאר געלד׳ ניטא קיין פלייש׳ ניטא קיין גרויפען׳ אלעס דארף מען ברייגען פון איז׳מע׳ וועגען ארבייט געפונען איז ניטא וואס צו ריידען׳

אט דאס׳ ליבער פריינד׳ איז כמעט אלעס׳ וואס מיט אונז האט זיך פאסירט׳ איך זאג «כמעט»׳ ווייל אינגאנצען איז אוממעגליך באשרייבען...

1926׳ דיין חבר N.

מ׳ פאשקאוועצקי

# אין אבדארסקען גירוש

ווייט׳ ווייט׳ אויפן רעכטען צפון׳ ביים צפונדיגען אייז־ים 1800 ווערסט פון אנ׳אייזענבאהן׳ איז פארווארפען געווארען דער דארף אבדארסק׳

אויף א מהלך פון 500 ווערסט פון דעם דאזיגען דארף געפינט זיך נישט קיין שום מענשליכער ישוב — זייענדיג ארומגערינגעלט פון 3 זייטען מיט דער טייך «אָב» און פון דער 4־טער זייט מיט דער

גרויסער און אן אנ׳עק ברייטער טונדרא, שטעלס מיט זיך אבדארסק פאר גאר א בעזונדערע מלוכה, וואס איז ווי פארשלאסען און אבגעריסען פון דער גאנצער גרויסער וועלט.

די איינוואוהנער זענען די ווילדע אָסטיאקעס, זיריאנעס, אדער פארבליבענע קאטארזשניקעס נאך פון די אלטע צארישע צייטען.

אויף א נייעם מענשען וואס פאלט אריין אהער פון מעהר אדער ווייניגער קולטורעלע לעבענס־באדינגונגען מאכט אזא מין סביבה אנ׳־איינדרוק פון דעם טיפען מיטעלאלטער. ער קוקט עפעס משונה אן די יורטע, וואס שטעלט מיט זיך פאר איין אהל באדעקט מיט הירשען־פעל און מיט אגרויסער לאך פון אויבען וואס דינט אנטשאט א קוימען. משונע קוקט ער אויך אויף די שמאלע נארטעס *) איינגעשפאנט מיט א צענדליק הירשען אדער הינט אויף וועלכע עס זיצט דער אסטיאק אנגעטאן אין דער זעלבער הירשען־פעל.

די פרויען פון די אסטיאקעס שיידען זיך אוסערליך ווייניג וואס אויס פון זייערע מענער, דער זעלבער קאסטיום מעהר נישט א ביסעל א לייגערער צאפ, אין וועלכען עס איז איינגעפלאכטען אלע סארטען זאכען: שטיקלאך סחורה, צובראכענע לעפעל, קרעלען, א בערישער צאן און א אנדערש מאל איין אלטער צובראכענער שלעסעל. אפטמאל נישט ווייט פון דער מוטער טרעפט איהר, איהר קליינעם קינד, וועלכער רוהיג, פארגראבענדיג זיך אין דעם שניי גריז׳עט איין שטיק רויע פיש.

אט דער דאזיגער דארף האט אין זיך אריינגענומען 22 פאליטישע פארשיקטע בתוכם 12 ציונים.

און צו אזא מין לעבען פון די ווילדע פעלקער האבען מיר זיך געדארפט צופאסען, ווי מיר האבען זיך אויך געדארפט צופאסען צו די $50^0$ פרעסט, צו די אן א סוף ליכטיגע און לאנגע ווינטער נעכט און צו נאך אנדערע פערגעניגענס פון דעם ווייטען צפון.

נאר ערגער פון אלעס איז געוועזען פאר אונז צו צופאסען זיך צו דו היגע שפייז. אויפן צפון, וואו עס איז כמעט דורכן יאהר — ווינטער, איז קיינע געוויקסען ניטא, אלע פראדוקטען צום עסען אויף

*) שמאלינקע אייזענשליטלאך.

וויפיל נאר עס גיט זיך איין ברײנגט מען א הער זומער מיט׳ן שיף׳ נאר עס כאפט נישט אויף לאנג׳ אונז איז אוסגעקומען דערפאר צו שפײזען זיך מיט געפּראַרענע פיש און מיט הירשען פליישׂ

צוויי מאל אין יאהר׳ אין הערבסט און אין פריהלינג איז דער דאזיגער געגענד אין גאנצען אפגעריסען פון דער ארומיגער וועלט אויף א משך פון צוויי־מיט א האלבע חדשים׳ און דער וועג איז צו־רואינירטׂ

און דאס לעבען׳ וואס קומט פאר ערגעץ דארטען ווייט׳ ווייט און דערגעהט צו אונז זעלטען אויף די שורות פון די ציינטונגען און ז׳ורנאלען׳ אט דער דאזיגער לעבען רייסט זיך מיט אמאל פאר אונז איבער אויף צוויי׳ — צוויי מיט האלבע חדשים׳ ווען איהר לייענט למשל איבער אין דעם לעצטען נומער פון דער צייטונג׳ אז «מארגען» וועט פארקומען די וואהלען פון פרעזידענט דארט ערגעץ אין דעם ווייטען דייטשלאנד׳ אדער אז «איבערמארגען» וועט אין דער נישט מעהר נאהענ־טער ענגלאנד באשלאסען ווערען די פראגע פון איין אלגעמײנעם שטרייק׳ קענט איהר רוהיג אפלעגען די צייטונג אין א זייט׳ וויסענדיג פאראויס אז קיין שום ידיעות׳ נישט וועגען דעם גורל פון דעם דייטשישען פרעזידענט׳ נישט וועגען דעם גורל פון דעם ענגלישען שטרייק׳ וועלען צו אייך נישט דערגעהן פריהער ווי אין צוויי מיט א האלבע חדשים ארום···

זייענדיג אפגעריסען פון רוסלאנד נישט אין א וויניגער מאס ווי פון די איבעריגע לענדער׳ שטעלט מיט זיך אבדארסק פאר גאר א בעזונדערע אפגעריסענע פון דער גאנצער וועלט מלוכה׳ אט די מלוכה האט זיך איהרע אייגענע הערשער וועלכע הערשען נאך זייערע אייגענעם ווילקירׂ

זיי זענען זייער אונפעראנטווארטליך אין זייערע טעהטיגקייטען׳ וויסענדיג פאראויס אז די העכערע מאכט פון צענטער וועט צו זיי נישט זייער פאדערענד זיין און וועט זיי אלעס מוחל זייןׂ

און דערפאר טאקע שפילען זיך אפט־מאל אפ דא אין דעם ווײ־טען און ווילדען געגענד אזעלכע שוידערהאפטע דראמעס׳ אויף וועלכע

אז מען דערמאנט זיך, שטעלען זיך די האר קאפויר און עס פילט זיך א גרויסע באדערפעניש דערציילען, דערציילען דער גאנצער וועלט וועגען דעם, וואס קומט פאר דארטען.

* * *

עס איז געוועזען ווינטער 1925 יאהר. אין אבדארסק האט פלוצלונג געטראפען א פאלקס־אומגליק; עס האבען זיך באוויזען משוגענע הינט, וועלכע האבען איינגעביסען א סך פון די איינוואהנער.

אין פלוג גערעדט קאן מען אזא צופאל אפילו נישט אנרופען «פאלקס־אומגליק» עס איז בעוואוסט יעדערען ווי מען בעגעהט זיך אין אזא פאל אין א ציוויליזירטען ארט: מען מאכט איינשפריצונגען און די הינט שיסט מען. אין אבדארסק איז דאס אבער נישט אזוי, פשוט, דער נאהענסטער באקטעריאלאגישער פונקט געפינט זיך אין דער שטאדט פערם אויף איין מהלך פון 3000 ווערסט, פון וועלכע 1800 דארף מען פאהרען מיטן שליטען.

נעמען און שיסען די הינט, אויף דערויף האבען זיך די דאר־טיגע פארשטייער פון דער מאכט נישט געכאפט, עפעס נישט א געווענ־ליכע זאך פאר זיי משוגענע הינט. א נאנדער זאך איז מאכען פלוצלונג א אנטערזוך ביי די פארשיקטע, אריבער ווארפען זיי אויף איין אנדער פונקט, ארעסטירען פאר פארשפעטיגען אויף דער רעגיסטראציע אויף דערויף איז מען פלינק ווי געהעריג איז, דאס איז פיל מעהר וויכטיג ווי עטליכע צוביסענע מענשען, וועלכע האבען שוין בעוויזען אלע סמנים פון משוגעת און איבערהויפט נאך, אז צווישען זיי איז דער ערשטער געווען איין פערשיקטער.

אין איניגע צייט ארום נאך דעם איינבייסען האבען זיך גענומען ביי דעם פערשיקטען בעווייזען אלע סימפטאמען פון משוגעת, און אין שטארקע שמערצען איז ער אין א משך פון א מעת לעת אויסגע־גאנגען. אין דער צייט פון זיין קראנקהייט האט ער פון זיין זייט איינגעביסען צוויי זיינע חברים (אויך פארשיקטע), וואס זענען ארום איהם ארומגעגאנגען.

ער האט אויך פארשפייט דעם היגען דאקטאר, וואס איז הילפ־לאז נעבען איהם געשטאנען. דער דאקטאר, וואס איז געווען דער איינציגער אויף דעם גאנצען אבדארסקען ראיאן, האט קיינעם א ווארט נישט געזאגט, האט אוועקגעווארפען אלע קראנקע און אין דעם זעלביגען טאג אנטלאפען אויף א שליטען, איינגעשפאנט מיט הירשען גלייך איבער די בערג אין דער שטאדט פערם מאכען זיך איינשפריצונגען.

די איינגעביסענע פארשיקטע, דערוויסענדיג זיך פון דעם, האבען זיך געלאזען גלייך צו דעם באפאלמעכטיגען פון ג. פ. או. מיט א ביטע צו ערלויבען זיי פאהרען אויפן אייגענעם קאסטען אין פערם צו מאכען זיך איינשפריצונגען, אדער אפשיקען זיי אהין מיט א ספעציעלען קאנוואי און אויף זייער קאסטען. אויף דעם באפאלמעכטיגען פון ג. פ. או. קוזנעצאוו*), וועלכער דינט שוין יאהרען לאנג אין «טשעקא», האבען די 2 אומגליקליכע קיין שום איינדרוק נישט געמאכט. קיינע ווערטער, קיינע טענות האבען נישט געהאלפען. צו פאהרען אין פערם איז זיי געווען קאטעגאריש ענטזאגט. דאן האבען זיך די געליטענע געווענדעט אין דעם ראיאנעם אויספיהר־קאמיטעט מיט א ביטע זיי צו העלפען. דער אויספיהר־קאמיטעט צוזאמען מיט קוזנעצאוו'ן האבען באשטימט: ענטזאגען צו פאהרען קיין פערם, די געליטענע איזאלירען אין א באזונדערען צימער און אין דעם פאל ווען עס וועט זיך ארויסווייזען סמנים פון משוגעת—זיי דערשיסען, כדי עס זאל נישט ליידען די איבעריגע באפעלקערונג. אויף אזא אופן איז די איינציגע הילף פון אויספיהר־קאמיטעט געווען, דער באשלוס פארשאפען די אומגליקליכע א גרינגען טויט און אויסלייזען זיי פון מאטערען זיך אין דעם פאל פון שטארבען.

מען האט זיי איזאלירט און געצוואונגען ווארטען ביז עס וועלען זיך ארויסווייזען די סמנים פון משוגעת.

*) דער זעלביגער קוזנעצאוו איז פארשיקט אהער פאר די אלע קרימינעלע חטאים, וואס ער האט אבגעטאן דינענדיג אין דער מאסקווער ג. פ. או. מען האט איהם געגעבען א פאסטען פון דעם היגען באפאלמעכטיגען.

דער דאזיגער פאקט האט אויפגערעגט אלע דארטיגע פארשיקטע און מען האט אנגעהויבן אננעמען מיטלען צו ראטעווען די חברים. עס איז באשלאסן געווארן מיטטיילן טעלעגראפיש דעם פאלקס־קאמיסאר פון געזונדהייט סעמאשקא אין מאסקווע, וועגן דער ערשיי־בונג און וועגן די קרבנות צווישן די איינוואהנער (וועגן די פאר־שיקטע גארנישט דערמאנען) און פאדערן גלייך ארויסשיקן צו הילף א דאקטאר מיט די נויטיגע איינשפריצונגען. יעצט שטעהט ווידער פאר אונז א פראגע ווי שיקט מען די טעלעגראמע אזוי, אז זי זאל נישט פארהאלטען ווערן פון דער ג. פ. או., וועלכע קאנטראלירט די גאנצע קארעספאנדענץ. צום גליק געפינט זיך אין אבדארסק א מיליטער ראדיא־פונקט, וועלכער באדינט די ברעגען פון אייז־ים און פאר־שידענע צפון׳דיגע עקספעדיציעס. אלס א מיליטער אנשטאלט איז ער נישט אונטערטעניג דער ג. פ. או. עס איז אבגעשיקט געווארען א «בליץ»־טעלעגראממע, וועלכע לויט דעם געזעץ מוז גלייך אבגעשיקט ווערען אין אנוועזענהייט פון דעם טעלעגראמעגעבער.

דער פאלקס קאמיסאר סעמאשקא, באקומענדיג די דאזיגע טע־לעגראמע האט גלייך ווי עס ווייזט אויס, געגעבען א טעלעגראפישען בעפעהל אין פערם ארויסצושיקען קיין אבדארסק א דאקטאר מיט איינ־שפריצונגען. דער דאקטאר איז אין א קורצע צייט ארום געקומען און די גאנצע באפעלקערונג איינשפריצונגען געמאכט.

אויף אזא אופן האט מען געראטעוועט פון משוגעת און אפשר פון טויט אויך די 2 פארשיקטע. ווי ערשטוינט אבער עס איז געוועזן דער פערמער דאקטאר, וועלכער אומקעהרענדיג זיך אין פערם דורך טאבאלסק (דו צענטראלע שטאדט פון דעם געגענד), הצט זיך דער־וואוסט אז די היגע מאכט ווייס גאר פון דער גאנצער מעשה נישט. עס האבען זיך נאכדעם א לאז געטאהן אנפראגען פון טאבאלסק אין אבדארסק וועגען אלע פרטים פון דער מעשה.

די אבדארסקער אנפירער זענען אויך נישט וויניגער איבער־ראשט געוועזן פון דעם פלוצליכען וויזיט פון דעם פערמער דאקטאר און נישט וויסענדיג וואס פאר אנ׳ענטפער צו געבען דער העכערער מאכט פון וועלכער זיי זענען אבהענגיג, האט קוזנעצאוו באשלאסען

צו מאכען א אונטערזוכונג ביי די פאליטישע פארשיקטע. ער האט זיך טאקע אין דעם חשבון נישט גענארט:

ביי דעם ציוניסט שטעקעליס האט ער געפונען די קאפיע פון דער טעלעגראמע צו סעמאשקען, וועלכע ער האט קאנפיסקירט אלס «אונלעגאלע ליטעראטור», און דעמאלסט נאר, האט ער זיך דערוואוסט מיט וואס פאר א מעטאד האבען די פאליטישע פארשיקטע געראטעוועט די באפעלקערונג פון דעם ווייטערדיגען אומגליק.

עס האט זיך באלד אומגעקעהרט דער היגער דאקטאר, וועלכער איז אויך געווען ערשטווינט פון די אלע געשעהענישען, ווייל ער האט קיינעם גארנישט נישט דערצעהלט.

און אט איז נאך א פאקט פון דער מעדיצינישער פראקטיק פון דעם היגען געגענד.

אין דעם דארף מוזירי האבען ביי 2 פארשיקטע ווייה־געטאהן די צייהן, אזוי ווי קיין צאהנדאקטאר איז אין דעם פונקט ניטא, האבען זיי זיך געווענדעט נאך הילף צו דעם היגען פעלדשער, וועלכער היילט דארט פון אלע קריינק. צו צאהנווייטאג האט ער געהאט 2 מיטלען, אדער ארויסרייסען דעם צאהן, אדער איינשטילען דעם ווייטאג מיט א קליינע דאזע מארפיום. די «קליינע דאזע» איז געווען גענוג אויף צו פארשלעפערען אויף אייביג דיביידע פארשיקטע. איינעם פון זיי איז געבליבען נאר 2 וואכען צו ענדיגען זיין גירוש. אין זיין שטאדט האט ער איבערגעלאזען א ווייב מיט 4 קינדער,

און אין דערזעלבער צייט, ביי אזעלכע שוידערהאפטע באדינגונגען פון דער מעדיצינישער הילף, האט מען דעם פראפעסאר מעדיצין באזשאווסקי, (יאראסלאווער אוניווערסיטעט) א פאליטישען פארשיקטען, נאך א פאר חדשים ארבייטען אין דעם קריינקהויז, פון דער שטעלע אראפגענומען, און זיין ארט האט ווידער פארנומען דער עםהארצ׳דיגער פעלשער וואס זעצט פאר נאך ביז יעצט «איינגעבען» מארפיום.

«פאליטישע טארען קיינע שטעלעס נישט פארנעמען» — דאס איז דער מאטיוו פון דער דארטיגער מאכט.

אט אין אזוינע באדינגונגען, פארוואָרפען אין א ווייטען ווילדען געגענד, איבערגעבענדיג דעם גורל אין די הענד פון די טשעקיסטען מיט זייער קרימינעלען עבר, זעצען פאר זייער עקזיסטענץ אונזערע חברים, די קעמפער פאר דער נאציאנאלער באפרייאונג פון דעם יודישען פאלק.

א. מ.

## פאספארטען

מיר קומען אן מיטן עטאפ קיין יעקאטערינבורג און מ׳זאגט אונז אן, דאס די צענטראלע ג. פ. או. האט באפרידיגט אונזער מעלדונג און אנשטאט פאהרען ווייטער קיין סיביר, האבן מיר דאס רעכט אינגאנצן פארלאזען רוסלאנד.

אין יעקאטערינבורג איז צופעליג נישט געווען קיין אויסלענדישע פאספארט־בלאנקען, האט מען אונז ערלויבט פאהרען קיין מאסקווע, דארט צוגרייטען אלע נייטיגע פאפירען.

מיר זענען פון אונזער נייער רייזע געווען צופרידען צוליב צוויי טעמים, ערשטענס מיר וועלען האבען דאס מעגליכקייט זיך זעגענען מיט פריינד, באקאנטע און חברים, צווייטענס איז דארט אפגעפובליקירט א דעקרעט, דאס אלע ארבייטענדיגע עלעמענטען דארפען צאהלען פאר אויסלענדישע פעסער נישט 330 און נישט 220, נאר 55 רובל.

אין יעקאטערינבורג, אז מיר האבן זיך דערוואוסט וועגען דער קאלאסאלער סומע געלד, וואס דארף קאסטען א פאספארט, האט זיך פשוט געוואלט אומקעהרען זיך אין «סטאליפינס וואגאן» און נודנע שלעפען זיך ווידער צו דער אונבאוואוסטער ווייטקייט.

ווי איז געמאלט פאר אונז, חלוצים, ציוניסטישע פארשיקטע יוגענד, קריגען אזא מטמון געלד? הייגט די וועג דארף אויך עפעס קאסטען, אט פאר וואס מיר האבען זיך אזוי דערפרייט, דערוויסענדיג

זיך וועגען די לגאטע־טאריף פאר ארבייטענדע· און ווער איז מעהר «ארבייטענדע» פון אונז? פון אונז חלוצים· וואס ארבייטען שיין פינף זעקס יאהר אין לאנדווירטשאפטליכע קאלעקטיוועןּ?

מיר קומען קיין מאסקווע·

אין אדמיניסטראטיוו־־אפטיילונג פון מאסקווער ראט דערלייגגען מיר מעלדונגען אויף צו קריגען פאספארטען· מ׳נעמט ביי אונז· אלס ביי ארבייטענדע נאר צו 55 רובל פאר יעדער פאספארט·

נאר גלייך ווי דער פארוואלטער דערוויסט זיך· דאס מיר פארלאזען רוסלאנד אלס פאליטישע פארשיקטע· בייט ער צו אונז זיין באציהונג· ער קוויינקעלט זיך צו דער אינער־מיניסטעריום וועט מסכים זיין· ווייל אלס נישט קיין פאסענדער פאליטישער עלעמענט קענען מיר נישט צוגע־רעכענט ווערען צו ארבייטענדע און מיר קענען נישט קריגען קיין וואלוועלע פאספארטען·

אין רוסלאנד זענען נישט די הענד־מאזאליעס א באווייז אויף דיין שייכות צו די ארבייטענדע· נאר דיינע איבערצייגונגען· מעגסט קיין מאהל קיין ארבייטער נישט זיין· נאר אויב דוא שרייסט «אורא» די קאמוניסטען· ביסט דו צוגערעכענט צו די «פריוועלעגירטע»; אין דער זעלבער צייט קענסט דו זיין דיין גאנצען לעבען א פאבריק־ארבייטער· נאר כל זמן דענקסט דו אנדערש ווי די «הערשענדע» פארטיי· מוזט דו צאהלען ביים ארויספאהר פון רוסלאנד דאס זעלבע 330 רובל· וואס צאהלט א קאנצעסיאנער זומער פאהרענדיג א לעב־טאן אין די אויסלענדישע בעדער·

אין עטליכע טעג ארום זענען מיר געקומען נאך א ענטפער· אנשטאט ארויסגעבען אונז פאספארטען· הייסט מען אונז פריהער אריינ־טראגען נאך צו 165 רובל·

צו אונזער צער איז ניטא קיין גרענעץ· וואו נעמט מען אזוי פיל געלד?

מיר לויפען אין פאליטישען רייטען־קרייץ· מ׳נעהמט אונז צו ווארים· מ׳העלפט אונז מיט וואס מ׳קען· צוויי וואכען נאך אנאנד האבען זיי געפירט אונטערהאנדלונגען מיט ג· פ· או· וועגען די לגאטע־טאריפען פאר ארויספארענדע פאליטישע ארעסטירטע·

ס׳האט גארנישט געהאלפען. אנשטאט ערלויבען באנוצען זיך מיטן געזעץ פון פאספארט־לגאטעס, האט מען ארויסגעשטעלט אונז א אולטימאטיווע פאדערונג: «אדער תיכף ארויספאהרען, אדער צוריק אונטער די אייזערנע גראטעס». אפילו מיין פרוי, א ארבייטארין, האט געמוזט איינצאהלען די גאנצע סומע געלד, ווייל זי איז א פרוי פון א פארשיקטען ציוניסט.

וואס פארא אום־מענשליכע אנשטריינגונגען ס׳איז אונז אויסגעקומען מאכען אויף קריגען די נויטיגע געלדער, איז שווער איבערצוגעבען.

אט אזוי ניצט אויס די ראטהן־מאכט דאס געזעץ פון די פאס־פארט־לגאטעס!

# א בריעף פון גירוש

אוסט־אוסא I/VI.27.

מיינע טהייערע!

איך שרייב אייך פון אוסט־אוסא. איך בין דא נישט אליין, דא זענען מיט מיר נאך 2 חברים, פון וועלכע איינער פון זיי געפינט זיך שוין א יאהר. איך לעב מיט איהם צוזאמען, צוזאמען געהען מיר אויפן יאגד, צוזאמען כאפען מיר פיש; א ביסעל געלערנט, א ביסעל געלעזען און אט אזוי געהט דורך דער טאג. ער איז יעצט א לאנ־גער, גאנצע 24 שעה (זומער זענען דא די נעכט ווייסע און עס איז ליכטיג אזוי ווי בייטאג).

מיט מיין חבר אין צימער לעבען מיר זעהר גוט. ווען ער וואלט דא נישט געווען, וואלט איך מיך שטארק עלענד געפיהלט. אויפן גע־זונד קען איך זיך אפילו נישט באקלאגען, נאר די אבגעריסענקייט פון דער גאנצער וועלט פיהלט זיך אין זייער א גרויסער מאס. דער איינ־ציגער האפענונג איז דאס, וואס אזא צושטאנד דארף געדויערען נאר 8—10 מאנאטען; איך זאג 8—10 מאנאטען, ווייל איך ווייס נישט

פונקטליך ווען עס ענדיגט זיך דער טערמין פון מיינע 3 יאהר (אדער דעם 5־טען פעווראל, דעם טאג פון דעם ארעסט, אדער דעם 27־טען אפרעל, דעם טאג פון דעם אורטייל. איך האב זיך שוין טאקע ווע־גען דעם נאכגעפרעגט דורך א בריף ביי דעם רויטען קרייץ אין מאסקווע. נאר קיין ענטפער האב איך נאך פון דארט נישט באקומען. אויב עס וועט זיך ארויסווייזען, אז דער טערמין ענדיגט זיך אין פעווראל, וועל איך זיך משתדל זיין, אז מען זאל מיך מיט איינער פון די לעצטע שיפען איבערשיקען אין אוסט־סיסאָלסק אויף די לעצ־טע עטליכע חדשים, ווייל פון דאנען ארויסצוקלייבען זיך ווינטער איז זייער שווער (עס איז א שטרעקע פון 1200 ווערסט פון א אייזענ־באהן).

וואס איז אנבאלאנגט וועגען מיין אבפאהרען נאך ארץ ישראל, איז ווי עס איז פאר מיר נישט שווער און ביטער, נאר איך קאנ־סטאנטיר דעם פאקט, אז איך הויב זיך כמעט אן צוגעוויינען צו דעם געדאנק, אז דאס וועט זיך מיר בשום אופן נישט איינגעבען. איך האב קיין שום מעגליכקייט צו קריגען די נויטיגע סומע געלד דערצו. כאטש דאס שטרעבען צו פאהרען אהין, איז דער ציל פון מיין נאהענטער צוקונפט, נאר צום בעדויערען וועט מיר, ווי עס ווייזט אויס, אויסקומען צו מאטערען זיך אלע מיינע יונגע יאהרען אויפן ווייטען צפון פון רוסלאנד, עס איז א גרויסער ספק אז מען זאל מיר נאך די 3 יאהר פון דאנען באפרייען (ווי דער מנהג איז שיקט די ג.פ.או. איבער אין אנ׳אנדער ארט נאך אויף 3 יאהר).

וויפיל איך וויל נישט זיין פאדערענד, וויפיל איך באמיה זיך נישט אויך צו פארשטעהן גוט די לאגע פון דארטען, וויפיעל איך גיב זיך נישט אב א דין וחשבון פון אלעס דעם, וואס עס קומט דארטען פאר, דאך שטעהט פאר מיר הארב די פראגע: צו דען בין איך פארמשפט לגמרי צו פארגעסען ווערען? צו דען זענען נאר די אביעקטיווע אומשטענדען אין דעם שולדיג?... נאר, מילא, געלעבט ביז אהער, וועלען מיר שוין ציהען ווייטער. א אינוואליד צו פאהרען אין ארץ־ישראל, אויף דעם בין איך נישט איינשטימיג. יעצט בין איך נאך געזונט, שטארק, מיט א סך ענערגיע, איך האב נאך, דעם אמת זא־

גענדיג, דאס נויטיגע שטייפקייט, דאס נויטיגע אפפערן זיך, וואס מען מוז האבען פארן לאנד, יעצט בין איך נאך אומשטאנד צו פאהרען, נאר אין א יאהר 2, איז דאס שוין א פראגע, אייגענטליך, צוליב וואס שרייב איך דאס אייך, איך ווייס דאך גאנץ גוט אז ווי איהר זאלט נישט וועלען, קענט איהר מיר נישט העלפען, דא פאדערט זיך אנ־אנדער הילף, נאר עס ווילט זיך פשוט מיט איימיצען צו טהיילען איינינע פון מיינע איבערלעבונגען, דאס איז אלעס.

מיין גרוס

אייער ישראל.

## זלמן גורוויץ

א נידעריקער וואוקס, א טונקעלער צארטער פנים, ווייכע לאנ־גע שווארצע האר, גוטע געטרייע אנגעלייענטע אויגען, אלע מאל מיט א גוטפריינדליכער שמייכעלע אויף די ליפען — שטייט ער, זיאמע, ווי א לעבעדיגער פאר די אויגען און ס'ווילט זיך נישט גלויבען, דאס ער איז שוין ניטא.

געווען איז ער דער בעסטער און דער עהרליכסטער, עהרליך און פרינציפיעל אין אלע זיינע מעשים, מחשבות און באוועגונגען.

גערופען האבען איהם אלע «זיאמאצ׳קא» פארצויגען, מיט ליבע.

און ליב האבען איהם געהאט נישט נאר זיינע פריינד, נאהנטע און פארטיי־חברים, נאר אויך די פאליטישע געגנער, אין דער צובו־שעוועטער רעוואליוציע־כוואליע, ווען די פאליטישע אינסטינקטען זענען געווען צורייצט, פלעגט אלע מאהל זיאמע געפינען דעם געלאסענעם און אויפריכטיגען טאן אין צווישען־פארטיישען קאמף.

אינטערעסירענדיג זיך שטארק מיט הומאניטארע וויסענשאפט, פסיכאלאגיע און ביאלאגיע האט ער פונדעסטוועגען אויסגעקליבען דעם אגראנאמישען פאקולטעט, כדי ערווארבען אגראנאמיש־טעכנישע ביל־

דונג און אין לעבן פארנעמען זיך אליין מיט ערד־ארבייט. ריידענ־דיג און פירענדיג א קאמף פאר די פראדוקטיוויזירונג פון די אי־דישע מאסען האט ער נישט געקענט פארשטעהן, דאס ער אליין זאל ווייטער זיך פארנעמען מיט פעדאגאגיע, צו וואס ער האט געהאט א נייגונג. «אמת'ע פראדוקטיוויזאציע—איז לאנדווירטשאפט».

דאס פויערטום האט ער ממש פארגעטערט. «די ערד, די נאטור מאכט עהרליך דעם מענשען», פלעגט ער אלע מאל זאגען, מיר דוכט, דאס א ציוניסט איז זיאמע געווארען דערהויבט דערפאר, ווייל ער האט גע־גלויבט אין א מאסען־לאנדווירטשאפטליכע קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל.

זיאמע האט ליב געהאט דאס מענשהייט. און נישט נאר מיט א אבסטראקטער ליבע. יעדער מענשען האט ער געוואלט זעהן א געזונטען, א פרייליכען א לעבהאפטיגען. אליין פיזיש א שוואכער פלעגט ער לייענען ביי די אידישע ספארט־ארגאניזאציס וועגען דער טעאריע פון ספארט און ווייזען אויף זיך אלסביישפיל דאס:

— «א מענש, זיינע גלידער פאדערן באוועגונגען, און איך האב דעם גאנצען לעבען פארבראכט ביים בוך, דעריבער בין איך אזוי ווייניג פיזיש אנטוויקעלט ; לערנען דארף מען און מ'מוז, אבער מיר אידען האבען צופיל געקוקט אויף דער אנטוויקלונג פונם קאפ און פארלאזען אין גאנצען דעם קערפער, די נאטור אבער פאדערט א הארמאניע».

די ראטהן־מאכט האט איבערגעריסען זיין נוצליכע ארבעט. אין 1924 יאהר פארשפארט מען איהם אין כארקאווער קאטארשזנער טורמע, מ'שלעפט איהם טאג ווי נאכט אויף אויספארשונגען, מ'דראהט איהם, מ'נעמט אן אלע טייוולשע מיטלען צו באקומען פון איהם וואס עס איז וועגען זיינע חברים.

נאך א לענגערע צייט וואלגערניש אין טורמע, האט זיין שוואכער קערפער נישט אויסגעהאלטען און ער איז קראנק געווארען. דעמאלסט האט מען איהם ארויסגעלאזען אויף ערבות, נאר ס'איז געווען שוין צו שפעט. אין איינע פאר טעג—איז ער אויסגעגאנגען.

די בעסטע ווערען אויסגעריסען פון די רייהען.

# שלמה פעלדמאַן



אין דעם ווייטען גלות פון דעם נאַרימער געגענד (סיביר) איז טראַגיש אומגעקומען דעם 3 יוני 1925 יאָהר שלמה פעלדמאַן.

דער חבר פעלדמאַן איז געבוירען געוואָרען אין 1905 יאָהר אין ז'יטאָמיר. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיגט די מיטעל־שול, איז ער אַנגעקומען אין דעם אָרטיגען פּאָליטעכניקום.

ער האָט גענומען אַ איינטייל אין ז'יטאָמירער אָפּטיילונג פון דער אַלרוסישער יוגענד ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דעם 2 יאַנוואַר 1925 יאָהר ווערט ער אַרעסטירט פאַר באַשולדיגונג אין אַנבאַלאַנגען צו דער יוגענד ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און נאָך עטליכע חדשים זיצען אין תפיסה, ווערט ער אַרויסגעשיקט אויף דריי יאָהר אין נאַרימער געגענד.

3־טען יוני 1925 יאָהר, אין איינע פון די נסיעות נאָך דער פּאַסט, האָט זיך די שיפעל אויף דעם טייך איבערגעקערט. פון די 3 פאַרשיקטע, וואָס זענען געווען אין דעם שיפעל, האָט זיך נאָר איינער

געראטעוועט, די איבעריגע 2 און בתוכם אויך דער חבר פעלדמאן, זענען אומגעקומען.

דעם קערפער האט מען געפונען נאר אין דריי וואכען ארום ווייל די ארטיגע מאכט האט זיך נישט געהיילט צו זוכען דעם שפור פון די דערטרונקענע חברים.

שלאף רוהיג, חבר!

## יעקב מאיסעיעוו

יעקב מאיסעיעוו איז געבארען געווארען אין 1904 יאהר אין יעקאטערינאסלאוו און די גאנצע צייט געווען דער אקטיווסטער מיט־גליד אין דער ציוניסטישער יוגענד ארגאניזאציע.

אין 1923 טרעט ער אויך אריין אין די רייהען פון «השומר־הצעיר» און א דאנק זיינע פייהיקייטען באווייזט ער צו ווערען אין א קורצע צייט דער שעף פון שטאב און גיט זיך אין גאנצען אפ דער ארבעט אין «השומר־הצעיר».

דער אלאוקראינישער ארעסט פון דעם 2 סענטיאבער 1924 יאהר רייסט איהם אפ פון זיין טהעטיגקייט. די טויערען פון דער תפיסה זענען גענוג ברייט ביי דעם אריינגעהן אבער נישט ביי דעם ארויס־געהן — ער האט זיך שוין מעהר נישט אומגעקערט צו זיין ארבייט.

דעם 28־טען פעווראל 1925 יאהר ווערט ער ארויסגעשיקט אין קירגיזיע אין דעם דארף אוריצקאיא וואו ער איז אין 1925 יאהר געשטארבען.

דער חבר מאיסעיעוו איז געווען איינער פון די אקטיווסטע און באליבסטע חברים אין דער ציוניסטישער יוגענד באוועגונג. מיט זיין לעבעדיגען כאראקטער און היציגער נשמה, האט זיך איהם פיל איינ־געגעבען פארברייטערען די ציוניסטישע ארבייט אין די שווערסטע באדינגונגען פון ראטהן־רעז׳ים.

דיין אנדיינקונג, חבר, וועט לאנג לעבען צווישען אונז.

# אברהם שפּילקא

8 חדשים האָט ער זיך אָפּגעוואַלגערט אין קראָקאָווער תפיסה. די איינציקע זינד זיינע איז געווען, וואָס ער האָט באַלאַנגט צו דער יוגנט־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און צו דעם אומלעגאַלען «החלוץ».

אין נאָיאַבר 1926 יאָהר ווערט ער פאַרשיקט אין צ׳ימקענט.

נישט אויסגעהאַלטען האָט ער די פּילע עינויים און גלגולים, וואָס איהם האָט אויסגעקומען איבערצולײַדען אין די תפיסות און אין גלות — אין נישט אַלט זייענדיג נאָך קיין 22 יאָהר, האָט ער זעלבסט, מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, מיט זיינע אייגענע הענד געמאַכט אַ סוף צו זיינע ליידען און צו זאַמען מיט דעם אויך צו זיין לעבען.

תנצב״ה.

# אינהאלט:

